# די יודישע צוקונפט

א חודש זשורנאל פאר לעבען, ליטעראטור און וויסענשאפט.

רעדאקטאר: דר. י. ווארטסמאנן.

צווייטער יאהרגאנג. יאנוואר, 1905. I. העפט

## אינהאלט:



קראקוי לאנדאן נעוו-יארק.

# DIE JÜDISCHE ZUKUNFT

Monatsschrift für Leben, Literatur und Wissenschaft.

**Zweiter Jahrgang. Januar, 1905, I.**

Preis: 6 Kr. ganzjährig; 3 Kr. halbjährig.



Verlag „Die jüdische Zukunft".
Für die Redaction verantwortlich—M. Fischer.
Druck von Josef Fischer in Krakau.



# „די יודישע צוקונפֿט“.

---

צווישען די טענות, וואָס אַנדערע האָבען צו אינזער זשורנאַל, זענען פֿאַראַן צוויי, אויף וועלכע מיר ווילען איצט, ביים אָנהייב פֿון צווייטען יאַהרגאַנג, זיך אָפּשטעלען.

מען פֿרעגט ביי אונז: צו וואָס האָבען מיר שוין אין ערשטען פּראָספּעקט נאָך, דערנאָך אין פּראָגראַם-אַרטיקעל בעדאַרפֿט אַזוי שאַרף אַרויס זאָגען אַז „די יודישע צוקונפֿט“ וועט זיין דער אָרגאַן פֿון די פּ א ל ע ס ט י נ א-ציוניסטען. נאָהנטע פֿריינד פֿונם זשורנאַל ווייזען אָן, אַז אַזאַ מין אָפֿענהייט קען דעם זשורנאַל ברענגען גרויסען שאָדען. „זאָל דער זשורנאַל טאַקי זיין פּאַלעסטיניש-ציוניסטיש, טענה'ן זיי, נור אָבער מען איז ניט מחויב דאָס פֿאַר דער גאַנצער וועלט אַרויס צו זאָגען“. —

די דאָזיגע טענה איז האַראַקטעריסטיש. זי איז האַראַקטעריסטיש ניט נור פֿאַר יענע וואָס זאָגען זי אַרויס, נור אויך פֿאַר דעם גאַנצען צושטאַנד פֿון אונזער פּרעסע. ביי אונז ווערן אָרגאַנען געבוירען און שטאַרבען אָב און קיינער ווייסט ניט צוליעב וואָס, צו וועלכען צוועק זיי האָבען אַ פּאָר מינוט געלעבט. אַנדערע לעבען פֿיעלע צעהנדליגע יאָהרען און מען קען ניט בעשטימט זאָגען אַז דאָס און דאָס איז דאָס פֿעסטע פּראָגראַם פֿונ'ם אָרגאַן. אדער אונזער'ע צייטונגען האבען גאר קיין פּראָגראַם, זיי זענען „פּרינציפּיען-לאָז“ ווי די דייטשען זאגען, אדער זיי האבען צו פֿיעל פּראָגראַמען: אַ פּראָגראַם פֿון פֿאַר ניי-יאהר, אַ פּראָגראַם פֿון מיטען יאהר, אַ פּראָגראַם וואס הענגט אָפּ פֿון קאָנקורענץ-בלאַט: זאגט איינער יאָ דאַרף מען זאָגען ניין א. ד. ג.

אפילו די אָרגאַנען, וועלכע פֿערטרעטען, אין דער גאַנצער צייט פֿון זייער עקסיסטענץ, איין און דאס זעלבע פּראָגראַם, האבען אויך ניט דען מוטה אָפֿען, מיט פֿולער קראַפֿט, עס צו פֿערטיידיגען, זיי האבען מורא צו פֿערליערען אַ געוויסע צאהל אַבאָנענטען, און, אַרויסזאגענדיג זייער פּראָגראַם, רעדען זיי אַזוי פֿערשטעלט „פֿערהילט“ אַז די גרויסע מאַסע זאָל ניט וויסען, וואס מען מיינט. —

צוגעהענדיג גרינדען אַ נייען אָרגאַן, האבען מיר זיך אָפּגעזאָגט פֿון דיזען „מנהג“. מיר האָבען עס בעטראַכט אַלס אונזער חוב — און דאָס בעטראַכטען מיר איצט אויך — אָפֿען און עהרליך אַרויסצוזאָגען וואָס מיר זענען, וואָס מיר ווילען.

מיר ווייסען, אַז די פֿיעלע אוגאַנדיסטען און נאָך מעהר טעריטאָריאַליסטען וואָלטען אונזער זשורנאַל פֿערברייטערט, פֿערשפּרייט ווען מיר פֿ ע ר ש ו ו י י ג ע ן וועניגסטענס אונזער פּ א ל ע ס ט י נ י ש ע ס פּראָגראַם. איצט אָבער, בעת מיר זאָגען אָפֿען, וואָס מיר ווילען, זוכען זיי מיט אַלע מיטעל (אויך ניט עהרליכע) „די יודישע

צוקונפט" אונטערצוגראָבען. זיי זעהען ליעבער ווי צווישען פאָלק ווערט פערשפרייט שמ״ר׳ס און אַנדערע אַמעריקאַנער שונד ליטעראַטור, — נור ניט אַ ערענסטער זשורנאַל וואָס וויל דאָס פאָלק אַ מת־ נאַציאָנאַל ערציהען. —

מיר אָבער ווילען ניט, ווי אַנדערע „פריינד" פון פאָלק, זיך צוהערען וואָהין דער ווינד בלאָזט און אַהין נאָכגעהן. מיר גלייבען, מיר זענען איבערצייגט, אַז די צוקונפט פון יודישען פאָלק ליגט נור אין ארץ ישראל, און אָט דיעזע איבערצייגונג אונזערע ווילען מיר ניט איינוויקלען אין שיינע פ־אַזען. מיר זאָגען עס אַרוס אָפען — און ווער עס וויל זאָל געהן מיט אונז. די אַנדערע זאָלען זיך זייערע וועגען געהן. געהן זיי אַנדערע וועגען — אַזוי זאָלען זיי עס אויך אָפען אַרויסזאָגען. וועלען זיי אַ מאַסקע אָנטהון — וועלען מיר זיי די מאַסקע אַראָפּרייסען. —

* * *

די צווייטע טענה: די ארטיקעל אין זשורנאל זענען צו ערנסט. דער המון פערשטעהט ניט אלעס. די גרויסע ברייטע מאסע האט קיין צייט די ארטיקעל צו שטודירען. —

מיר זענען מודה: די ארטיקעל אין אונזער זשורנאל זענען ערנסט. מיר זענען אויך מודה אז דער המון, די ברייטע מאסע פערשטעהט ניט אלעס. —

טא איז וואס? —

צוויי זאכען פערגעסען דא אונזערע פריינד. קודם כל דארפען מיר וויסען, אז די גרויסע ברייטע מאסע, לעזט איבערהויפט גאָר ניט. דאס קען אונז אם בעסטען בעוויזען די איינציגע איצט עקסיסטירענדע זשארגאָן־צייטונג אין רוסלאנד. ווי גרויס איהר אבאָנענטען־צאהל זאָל ניט זיין איז עס גאָר ניט אין פערגלייך צו די 5—6 מיליאָן יודען וואָס וואָינען אין רוסלאנד. —

עס איז פאראן אַ גרויסעס, ווייטעס פובליקום און אַ קליינעס לעזע־פובליקום. ווי אזוי גרויס דאס לעזע־פובליקום זאָל ניט זיין (ווי למשל אין מערב־אייראפעישע לענדער און אין אמעריקא) איז עס דאָך ניט יענע ברייטע מאסע פון וועלכע מען רעדט געוועהנליך. ווען אפילו די ברייטע מאַסע איז שוין אַזוי ענטוויקעלט, אז זי לעזט יעדען טאָג אַ צייטונג, איז זי דאָך ניט יענעס לעזע־פובליקום, וועלכעס ווירקט אין לעבען. דאָס ענגערע לעזע־פובליקום איז איינענטליך די פערמיטלער׳ין צווישען דער ליטעראַרישער וועלט און צווישען די פשוט׳ע מאסען פון פאָלק. —

ביי אונז יודען דערצו איז דאס לעזע־פובליקום זעהר קליין. דיעזעס לעזע־פובליקום אליין גרעסער און גרעסער צו מאַכען איז די אויפגאַבע פון די טעגליכע צייטונגען. אַ זשורנאַל אבער איז בעשטימט פאַר די מעהר ענטוויקעלטע לעזער, פאַר יענע וואס קענען זיך ניט מעהר בעגניגען מיט לויפענדע ארטיקעל פון אַ טאָג־צייטונג.

דער זשורנאל „די יודישע צוקונפט" איז אבער ניט נור אַ בילדונגס־זשורנאל ער איז אויך, אדער איינענטליך הויפטזעכליך, אַ ציוניסטישער זשורנאַל, ד. ה. ער וויל די לעזער פיהרען, ענטוויקלען נאָך אַ געוויסער ריכטונג.

מיר מוזען זיך אבער אפזאגען פון דעם פעהלער, וואס כמעט דיא גאַנצע ציוניסטישע ליטעראַטור האָט ביז איצט בעגאַנגען. דער פעהלער איז בעשטאַנען אין דעם, וואס מען האָט אלע מאָל געזוכט נור נייע יודען פאַר ציוניסטען צו מאַכען. האט שוין אַ יוד אַ שקל געצאהלט האָט מען ביי איהם דערצו נאָך „געפועלט" ער זאָל אַ חברה־מאַן ווערן, אזוי האָט מען איהם שוין צווישען די ציוניסטען געציילט.

אויף דעם אופן האָבען מיר אין אונזער אָרגאניזאציע בעקומען א שיין ביסל „ציוניסטען", וואס האָבען ניט געוואוסט און ווייסען איצט ניט, פאַר וואָס זיי זענען ציוניסטען, וואָס איז אזוינס ציוניזם, ווי אזוי קען מען איהם רעאליזירען א. ד. ג. —

דער טומעל, וואס דער אוגאנדא־פּראיעקט האט אנגעמאכט, איז דער בעסטער בעווייז, ווי ווייניג פּיעלע ציוניסטען — זענען ציוניסטיש געזאנען, ווי ווייניג דער ציוניזם האָט איינגעדרונגען אין בלוט און פלייש. „די יודישע צוקונפט" האָט זיך נ י ט געשטעלט דעם צוועק צווישען די ברייטע מאסען פאַר'ן ציוניזם צו אגיטירען. דער צוועק פון אונזער זשורנאל איז, די שוין זיך רופענדע ציוניסטען — פאַר ציוניסטען צו מאכען. מיר ווילען דעם ציוניזם פ ע ר ט י ע פ ע ן און ניט פ ע ר ב ר י י ט ע ן. מיר ווילען יעדען ציוניסטען מאכען ד ע נ ק ע נ ד י ג. זיין ציוניסטישעס פ י ה ל ע ן מיט זיין ציוניסטישעס ד ע נ ק ע ן זאָלען זיך דעקען און ניט סותר זיין איינס דאס צווייטע, ווי ביי אנדערע איצט. —

דערפאַר וועלען מיר אויך ווייטער אין אונזער זשורנאל נ י ט ברייגען וו א ס ע ר ד י ג ע ציוניסטישע ארטיקעל. אלעס וואָס קומט אין זשורנאל וועט זיין בעטראכט ערנסט און וויסענשאפטליך.

אויף דעם אופן האָפען מיר צו בעשאפען א י ן פ א ל ק א גרעסערע צאהל טיעף ד ע נ ק ע נ ד ע ציוניסטען, וועלכע וועלען מוטהיג טראגען אינזער פאָהן און וועלען אונז אליך נעהנטער און נעהנטער פיהרען צו אונזער ציעל, צו ד ע ר י ו ד י ש ע ר צ ו ק ו נ פ ט.

דער רעדאקטאר.

ווארשא 19/1 1904/5



# איבער נאציאנאליזם.

I.

## וואס הייסט נאציע?

ווען מיר בעטראַכטען דעם מענשען טיעפער, ערנסטער זעהט מען, אז ער איז צוטיילט אויף צוויי חלקים, אז כמעט ווי ער געהט הערויס אויף דער וועלט איז ער שוין צושפּאָלטען אין צוויי העלפטען, וואס זיי זענען זיך אָפּט סותר איינער דעם אַנדערן, מיינסטענס אָבער אונטערשטיצען זיי איינער דעם צווייטען. דער מענש ווי אַ בשר־ודם איז גלייך צו אַלע אַנדערע ברואים, צו די טויזענדער, מיל־יאָנען בעשעפענישען, וואָס לעבען אויף דער וועלט אונטערגעוואָרפען אונטער די אייביגע געזעצען, וואָס בעהערשען די וועלט, אונטער פיהזישע נאַטור וואָס איהרע חוקים בעשטעהען אייביג. פין דער זייט, פון דער פיהזישער, געהערט יעדער מענש צו אַ בעשטימטען מין פין מענשען, וואָס שיידען זיך אָפּ פון אַלע אַנדערע מענשען

דורך דעם פערשיעדענעם אויפבוי פון זייער גוף, דורך בעזונדערע פארמען פון אויגען, מויל, פארב פון די האר, וכדומה. דאס זענען די סמנים פון דער ראסע. צוזאמען מיט דיזער פערשיעדענהייט אין דער אויסערען געשטאלט פון דעם מענשען איז אויך איהם שוין געגעבען פערשיעדענע גייסטיגע איינגענשאפטען, וואס מאכען דיזע גרופע מענשען אנדערש פון אלע אנדערע, אבער דער מענש ווען ער געפינט זיך נאך אין דעם מצב פון א ראסען־מענשען, איז ער נאך נישט פעהיג צו בענוצען זיינע גייסטיגע כחות, ער איז נאך אין דעם מצב פון א חי. ער איז נור א לעבעדיגע בעשעפעניש, וואס טרייבט זיך הערום אין דער וועלט אהן הויז, אהן געזעלשאפטליכעם לעבען. ערשט שפעטער, ווען ער שטייגט העכער אין זיינער ענטוויקלונג, געפינען מיר איהם שוין פערבונדען אין בעשטימטע גרופען, און ער בעזיצט שוין דעם שליסעל, וואס עפענט איהם אויף די טויערן פון דער וועלט און מאכט איהם צום הערשער איבער אלע אנדערע ברואים: ער בעזיצט שוין די שפראך, ער קען רעדען, איבערגעבען זיינע געדאנקען, זיינע געפיהלען דעם צווייטען מענשען. פון דער מינוט אן הויבט זיך אויך אן דאס בעוואוסטע מענשליכע לעבען, ער ווערט פון א „חי" א בעשעפעניש, וואס לעבט נור גלאט אזוי ווי אלע אנדערע בעשעפענישען, צו א מדבר, א מענש וואס רעדט, דענקט און פיהלט. פין איצט אן געהערט ער נישט נור צו א געוויסער ראסע, נור אויך צו א געוויסען פאלק, מיט וועלכעם ער לעבט צוזאמען, רעדט איין שפראך, האט די אייגענע מדות, מנהגים, דיענט דעם אייגענעם גאט, גלויבט און האפט מיט זיי צוזאמען. די ערשטע תקופה אין דעם מענשענס לעבען איז שוין אוועק; ער האט שוין אויפגעהערט צו זיין א ראסען־מענש, וואס לעבט נור מיט די בלויסע חושים. ער איז שוין געווארען א מענש וואס האט שוין א קלארען שכל און לעבט א בעוואוסטען קלארען לעבען. ער הויבט אן צו פיהרען א געזעלשאפטליכען לעבען, און ער ענטוויקעלט ביסלעכווייז אלע פארמען און אינסטיטוציעס, וואס זענען נייטיג צו פערבעסערען און אויסצופולען די וועלט. ער הויבט אן צו פיהרען א לעבען פון א פאלק און עס וואכסען אויס א אייגענע שפראך, א ליטעראטור, א רעליגיע און אייגענע אנזיכטען איבער וועלט און מענשען. די נאציע איז דאס קלייד וואס דער מענש טהוט אן ווי באלד ער האט זיך אויפגעהאפט פון זיינעם לאנגען ווינטער־שלאף. דאס איז דער חדר, וואו ער לערנט רעדען און דענקען, טראכטען און פערשטעהן, וואס דאס לעבען איז און וואס דער מענש בעדייטעט. יעדע אומה האט זיך געשריעבען א אייגענע שפראך, דורך וועלכע די מיטגלידער האבען זיך אויפגערעדט צווישען זיך. שפעטער הייבט דער מענש אן נאכצופארשען און איבערצוקלעהרען, וואס עס טהוט זיך ארום איהם. ער הויבט אן צו זוכען תשובות אויף די טויזענדער וואונדער, וואס ער זעהט און הערט יעדער שעה, יעדער מינוט, וואס געשעהן אויף דער וועלט: ער הויבט דארום אן צו קלערען איבער דאס, וואס ער איז געווען פריהער, ווי דאס איז אלץ געווארען, און אויך איבער דאס, וואס עס וועט זיין שפעטער. ער דערקענט אז עס זענען דא העכערע מעכטיגערע כחות, וואס בעהערשען און פיהרען די וועלט. ער בעקומט די פארשטעלונג, דעם געדאנקען פון גאט, פון מלאכים, ווי אויך פון די באזע שלעכטע גייסטער: פון שדים און רוחות. אזוי ווערט ביי איהם די רעליגיע געשאפען. די רעליגיע פון א פאלק איז דער שפיעגעל פון זיין נשמה.

אין איהר זעהען מיר איהם גאנץ נאַקעט פאַר אונז. די רעליגיע זאָגט אונז אויס זיינע טיעפסטע און פערבאָרגענסטע אידעאַלען, וואָס ביי איהם איז דאָס הייליגסטע און טייערסטע, וואָס ער קלערט איבער דעם אָנהויב און דעם סוף פון אַלץ און אויך וואָס ער ווינשט, אַז עס זאָל זיין דער תכלית פון לעבען.

צוזאַמען מיט דער רעליגיע, מיט דער אמונה ווערען אויך געשאַפען די חוקים, די משפטים, וואָס אָרדנען איין די בעציהונגען פון איין מענשען צום צווייטען, פון איין פאָלק צום אַנדערען. אָבער דאָס קומט שוין געוועהנליך אין אַ שפּעטערע צייט, ווען דאָס פאָלקס־לעבען איז שוין שטאַרק ענטוויקעלט און די ערשטע תקופה איז שוין פאַראיבער. פון אָנהויב זענען דאָ ביים פאָלק נור זיטען און מנהגים, וואָס וואַקסען אַרויס פון זיך אַליין און יעדער מענש, וואָס איז אַ מיטגליד פון דיעזעם פאָלק, האָט און ערפיהלט דיזע מנהגים מיט דעם איינענעם פרייען ווילען, מען דאַרף נאָך דאַמאלסט נישט האָבען קיין געזעצען, קיין משפטים, וואָס זאָלען הייסען, בעפעהלען דעם מענשען ער זאָל זיך אַזוי פיהרען און נישט אַנדערש. די מנהגים זענען נאָך אַזוי שטאַרק אין דעם בעוואוסטזיין פון דעם פאָלק. אַז יעדער קען זיך גאָר אַנדערש נישט פיהרען, נור אַז זיי הויבען אָן צו פערלירען זייער קראַפט און ווערען פערגעסען, דאַמאלס ווען מען וויל אַז זיי זאָלען זיך דערהאַלטען מוז מען זיי אויפשרייבען, מאַכען זיי פאַר געזעצען. די חוקים און געזעצען זענען איינענטליך נור פערגליווערטע איינגעשטאַנענע מנהגים פון פאָלק. יעדער תורה שבכתב איז פריהער אין די ערשטע צייטען געווען אַ תורה־שבעל־פה, וואָס יעדער האָט געקענט אויסענווענינ און מען האָט זיך נישט געדאַרפט לערנען און אויפשרייבען, ווייל זי איז געווען אַ חלק פון דעם מענשליכען לעבען, אַ שטיק פון דעם פאָלקסגייסט.

אויף דעם אופן האָט זיך יעדעס פאָלק אויסגעבויט אַ איינענע בעזונדערע וועלט אין וועלכע אַלץ, סיי די גייסטיגע חלקים און סיי די קערפּערליכע מאַטעריעלען, זענען געווען אויסגעשניטען פון זיין נשמה, פון זיין פלייש און בלוט פון זיין בלוט. און דיעזע וועלט האָט געהאַט איהרען פערגרעסערונגס־שפּיגעל וואו זי האָט זיך זעלבער געקענט אָנקוקען און בעוואונדערן, אין דער ליטעראַטור, אין דער פאָעזיע פון דעם פאָלק, די ליטעראַטור, איז דער פירוש. די ערקלערונג, וואָס די נשמה פון דעם פאָלק שרייבט מיט דער האַנד פון איהרע בעסטע קינדער איבער זיך אַליין, זי דערקלערט און דערצעהלט אין שירים און אַגדות, אין מעשות און משלים איהרע איינענע געשיכטע ווי זי איז געוואָרען, און די פּעלע ליידען און צרות, ענוים און רדיפות, וואָס זי איז אויסגעשטאַנען ביז זי האָט זוכה געווען איהר פאָלק אַרויסצופיהרען אין דער גרויסער וועלט, איהם מאַכען צו מענשען גלייך, מיט טויזענד צונגען דערצעהלט זי איהרע שווערע מלחמות, וואָס זי האָט געפיהרט מיט דער שלעכטער נאַטור און מיט בייזע מענשען, פאַר יעדע שטיקעלע ערד, וואו דאָס פאָלק האָט אַוועקגעשטעלט זיין פוס, פאַר יעדען טריט וואָס עס האָט געטהון, די ליטעראַטור דערצעהלט די שפּעטערע דורות די געשיכטע פון זייערע עלטערן וואָס האָבען געלעבט אין די אַמאליגע צייטען, זייערע גוטע און אויך שלעכטע מעשים, זייערע וואונשע און אידעאַלען, זייער לעבען און אויך זייער טויט, אין איהר הערט זיך די שטימע פון אַלע דורות, וואָס האָבען געלעבט, יעדער

דור דערצעהלט אין א פערשיעדענער פארמע, אבער אלע אין דער איינענער שפראך, וואס זיי זענען געווען און וואס זיי האבען געוואלט; וואס זיי האבען געליטען, אבער אויך וואס זיי האבען דערגרייכט. דארום איז די ליטעראטור דער בת־קול פון דעם פאלק און די פערבינדט צווישען זיך אלע דורות און אלע תקופות פון דעם לאנגען לעבען פונם פאלק און מאכט עס פאר איין איינציגען לעבען. די הויפטרא־ע אין דער ליטעראטור פון דעם פאלק, בעזונדערס אין די ערשטע דורות, שפיעלט די ערד, דאס לאנד. ווײלע דאס לעבען פון דעם פאלק ענטוויקעלט זיך און וואקסט אויס, ניט אין דער לופט און אויך נישט אין הימעל, נור אויף דער ערד, אין א בעשטימטען לאנד. אלע מעשים, אלע גבורות, וואס די עלטערן האבען אמאל אויפגעטהון, אלע מלחמות, וואס זיי האבען געפיהרט, אלע שמחות, וואס זיי האבען געהאט און די צרות וואס זיי האבען געליטען, זענען געווען צוליעב דער ערד און אויף דער ערד. דארום ווערט יעדער בארג און טאהל, יעדער טייך און פלוס, פון די משוררים בעזונגען און ארומגעפלאכטען מיט דעם שענעם קראנץ פון אגדות און מעשיות; יעדער שטיין און יעדער בוים איז א דענקצייכען, וואס דערמאנט די קינדער אן די עלטערן און די שטומע עדות פון אמאל בעקומען פלוצלונג א שפראך וואס רעדט אין שענע פאעטישע ווערטער, און דערצעהלט זייער געשיכטע וואס איז א חלק פון דער פאלקסגעשיכטע. דאס לאנד, די ערד איז די שטילע ליעבע מאמע פון דער אומה: מיט איהר מילך האט זי איהם אויפגעצויגען און האט א שטיק פון איהר נשמה איהם מיטגעגעבען אויף דעם וועג, און דיעזע נשמה ענט־פלעקט און פערקערפערט זיך אין דער ליטעראטור, אין דער פאעזיע, אין לעבען.

די הויפטזאך אין דעם לעבען פון אלע פעלקער, אין אלע צייטען און אין אלע ערטער איז געווען די ערד, דאס לאנד גופא. פריה שוין, באלד ווי די זוהן פון דעם פערשטאנד האט אנגעהויבען צו שיינען דעם מענשען, האט ער דערקענט, אז די קוועלע פונ'ם לעבען, אז די מוטער פון די מענשען — איז די ערד. קנאפ און ווענינ איז די נאהרונג וואס דער מענש ציהט פון אנפאנג אויס דער ערד. ער אירט נאך הערום און זוכט זיינע נאהרונג אין דער לופט און אין וואסער. דער ערשטער מענש לעבט נאך פון די פעגלען און חיות וואס ער פאנגט, אדער פון פיש, וואס ער האפט. אבער שוין דעמאלט קלעפט ער זיך אן דער ערד ווי א קינד אויף דער מאמעס שויס, און היט און בעשיצט די ערד מיט אלע כחות און פער־גיסט זיין בלוט פאר איהר. שפעטער, ווען ער לערנט זיך צו בענוצען די אוצרות פון דער ערד, שטייגט ביי איהם דער ווערט פון דעם לאנד אלץ מעהר און מעהר. און אז ער וואקסט שוין ארויס אפילו און דערגרייכט די העכסטע שפיצען פון דער מענשליכען ענטוויקלונג און בילדונג, דאך אבער בלייבט ער שטענדיג געבונדען און צוגעשמידט צו דער ערד. ווייל זיין לעבען, זיין וועלט וואס ער האט אויסגעבויט קען נאר אזוי לאנג האבען א קיום, ווי לאנג זי האט דעם נאטירליכען יסוד, די ערד אונ־טער זיך. ווען דיזער יסוד ווערט ארויסגעריסען, צושטערט, מוז אויך דאס אמת'ע לעבען צושטערט ווערען, זיין וועלט מוז אונטערגעהן.

דאס איז געווען דער נאטירליכער וועג אויף וועלכען די מענשען האבען אנגעהויבען צו פיהרען זייער לעבען. דאס איז געווען די פארמע ווי די גרויסע וועלט איז געגאסען געווארען און זיך געבילדעט: זי האט זיך געטיילט אין איינצעלנע

פֿעלקער, וואָס יעדעס האָט געהאַט זיין לאַנד, זיין שפּראַך, זיין אמונה, זיינע מנהגים און מדות, זיינע געזעצען און משפּטים. זיינע מיינונגען און פֿאָרשטעלונגען, זיינע טראַדיציעס און איבערליפֿערונגען, זיין געשיכטע און ליטעראַטור, זיינע אידעאַלען און האָפֿנונגען. יעדע אומה האָט געהאַט איהר וועלט. און האָט זיך געמאַטערט איהר מעגליכסט רייכער און שענער צו מאַכען, וואָס מעהר איהר צו פֿערגרעסערן און אויסצובעסערן. דורך דעם איז די גרויסע וועלט אַלץ רייכער געוואָרען אין פֿערשיעדענע פֿאָרמען און אידעען, מיינונגען און אַנזיכטען, געשטאַלטען און פֿאַרבען. יעדער אומה האָט אַריינגעבראַכט אין דעם וועלט־אוצר דאָס שענסטע און בעסטע, וואָס דאָס האָט אַליין געהאַט. און דיעזע אַלע פֿערשיעדענהייטען האָבען נור בעוויזען די *רייכקייט* פֿון דעם מענשליכען גייסט און אויך די *איינהייט* פֿון אַלע מענשען: ווייל דיעזע אַלע זאַכען זענען דאָך נור פֿאָרמען פֿון דעם איינעם מענשליכען גייסט, וואָס ענטפּלעקט זיך און בעקליידט זיך ביי יעדער אומה אין אַ בעזונדער קלייד. די ביידע זייטען פֿון דעם מענשענס נאַטור, זיינע פֿיזישע אייגענשאַפֿטען וואָס זענען איהם געגעבען פֿון דער נאַטור און די, מיט זיי פֿערבונדענע, גייסטיגע כחות, די פֿערשיעדענע פֿאָרמע אין וועלכער ער פֿערשטעהט און בעגרייפֿט די וועלט, האָבען זיך פֿערבונדען מיט די שפּעטיגערע פֿאָרמען אין וועלכע ער האָט איינגעאָרדענט זיין לעבען, מיט זיינע אינסטיטוציעס און אַנשטאַלטען, געזעצען און מיינונגען, וואָס ער האָט זיך אין דער לאַנגער צייט פֿון זיינער ענטוויקלונג געשאַפֿען און האָבען אויסגעבילדעט דעם פֿאָלקסהאראַקטער, די *נאַציע*, דאָס *נאַציאָנאַלע* לעבען. ווען די וועלטגעשיכטע וואָלט תמיד געהן אין דיעזעם פֿריעדליכען וועג, וואָלטען די מענשען געקענט ענטוויקלען די ביידע זייטען פֿון זייער לעבען: די, וואָס זיי האָבען פֿון דער געבורט שוין מיטגעבראַכט אויף דער וועלט, זייערע ראַסען־אייגענשאַפֿטען און אויך די, וואָס זיי האָבען שפּעטער ערהאַלטען אויף דעם וועג פֿון אַ לאַנגער ענטוויקלונג, די אייגענשאַפֿטען, וואָס זיי זענען שוין פּראָדוקטען פֿון דער פֿאָלקסקולטור. דער מענש וואָלט געווען גאַנץ, שטאַרק; עס וואָלט געהערשט אַ איינהייט צווישען זיינעם גייסט און קערפּער, צווישען זיינער נאַטור און דער קולטור, צווישען דעם גוף און דער נשמה. צום אומגליק אָבער האָט די מענשהייט געמוזט וועהלען דעם קרומען וועג, זי האָט געמוזט ארומבלאָנדזען אין דעם שרעקליכען מדבר טויזענדער יאָהרען ביז זי האָט דערזעהן דאָס געבענשטע לאַנד פֿון נאַציאָנאַלעם פֿריעדען און דעם *נאַטירליכען* מענשליכען לעבען. זי האָט געמוזט געהן אין אַ פֿרייווילינגען אָדער געצוואונגענעם גלות, פֿון פֿרעמדע הערען און פֿרעמדע געטער ביז זי האָט געעפֿענט די אויגען צו דערקענען איהרען אמת'ן גאָט און איהרען אייגענעם הערן. די געשיכטע פֿון דיעזעם ארומבלאָנדזען איז די געשיכטע פֿון דער נאַציאָנאַלען אידעע, די געשיכטע פֿון דעם נאַציאָנאַליזם.

שאול יצחק סטופּניצקי.





# ווינְטֶער אִין וַואלְד.

ס'שְׁטֶעהֶען הֵיילֶע בּוֹימֶער
אֵיינְגֶעהִילְט אִין שְׁנֵיי —
מֵתִים אִין תַּכְרִיכִים,
דַאכְט זִיךְ, זֶענֶען זֵיי...

פוּל אוּן פִיעל מִיט מֵתִים
אִיז דֶער גַאנְצֶער וַואלְד;
דוּרְךְ אוּן דוּרְךְ תַּכְרִיכִים,
וואוּ דָאס אוֹיג נוּר פַאלְט:

אוֹיבֶען טוֹידְט דֶער הִימֶעל,
אוּנְטֶען טוֹידְט דִי עֶרְד, —
דוּרְךְ קֵיין סִימָן לֶעבֶען
נִיט מֶען זֶעהְט, מֶען הֶערְט!

נוּר דֶער שְׁוַוארְצֶער „ווָארָאן"
פְלִיהְט פוּן בּוֹים צוּ בּוֹים —
דָא אִיז אִיצְט זַיין מְלוּכָה,
דָא אִיז אִיצְט זַיין הֵיים...

אָט דֶער מַלְאַךְ־הַמָוֶת —
אָט דִי שְׁוַוארְצֶע קְרָאה —
עֶר אַלֵיין נוּר שְׁפִּיעֶלְט זִיךְ,
שְׁפְּרִינְגְט אַרוּם זִיךְ דָא.

נוּר פַאר יֶעדֶער שְׁטְרַאהְל, וָואס
פוּן זוּן אוֹיף אִיהְם פַאלְט —
ווֶערְט עֶר שְׁטַארְק דֶערְשְׁרָאקֶען,
טוֹידְט ווֶערְט זַיין גֶעשְׁטַאלְט!

אוּן עֶר קוּקְט מִיט פַּחַד
אוֹיף דֶער הֶעלֶער שַׁיין:
קֶענְטִיג — אַז נִיט אוֹיבִּיג
ווֶעט דֶער ווִינְטֶער זַיין! —

אֶפְרַיִם פוּקְסָאן.





# דער רב און דעם רב'ס זוהן.

(ערצעהלונג).

---

די שבת'דיגע סעודה ענדיגט זיך, און דער סאַקענער רב ווישט איבער מיט די הענד זיין פרום נור צופריעדען פנים, ציהט אויס ביידע פאות, מאַכט גלייך דעם ספּאָדיק אויף'ן קאָפּ, און גרייט זיך אָן צו זאָגען אַ שטיקל תורה, מיט וועלכער גאָט ברוך הוא האָט איהם געלייטזעליגט. בייים טיש זיצען נאָך: פון איין זייט אנ׳ אורח, אַ ליבאַוויטשער חסיד, ווי דער רב, אַ יוד מיט אַ געלער באָרד און פאות און מיט זעהר אַ ברודיגען קאָלנער פון העמד, וואָס שטעקט אַרויס פון אונטער אַ געל, ברודיג טיכעל, וואָס איז אַרומגע־וויקעלט איבערן האַלז; פון דער אַנדערער זייט זיצט דעם רב'ס זוהן שלום, אַן אַכצעהן יעהריגער בחור מיט אַ לאַנג בלייכליך פנים, טיעפּע אַ ביסל פערטראַכטע אויגען, אין אַ סאַמעטען היטעל, נור אָבגעשאָרענע פאות, אַ בעהאַלטענער משכיל, וואָס שרייבט לשון־קודש'ע שירים און קלערט אויסצוואַקסען אַ מאָל אַ גרויסער יודישער משורר. די רביצין איז קראַנק אויף רעוומאַטיזם שוין אַ פּאָר חדשים און ליעגט אין דער אַ נדערער שטוב.

דער רב איז בטבע אַן ענו, און תורה צו זאָגען קומט איהם אָן זעהר נישט גרינג: גלאַט אַזוי נעמען אַ פסוק פון דער הייליגער תורה און זאָגען: „דער פשט איז אַזוי און אַזוי", האָט ער ניט די העזה און שעמט זיך עפּיס פאַר אַנדערע; אַ שטייגער ווי ער וואָלט ליגענד געזאָגט. ביז פינף און צוואַנציג יאָהר איז ער געוועזען אַ מתנגד, נור מיט'ן סאַקענער רבנות איז ער ביסלעכוויז געוואָרען חסיד; היינט איז ער שוין איבער 50 יאָהר, פאָהרט צוויי מאָל אין יאָהר צו'ם רבי'ן און קומט אַהיים יעדעס מאָל מיט אַליץ אַ געשטאַרקטערע אמונה. און יעדעס מאָל נאָך דער נסיעה קריעגט ער שטאַרק חשק אַליין צו זאָגען אַ שטיקעל תורה; און קוים קומט איהם אין קאָפּ אַריין עפּיס אַן אַנפאַל, דריקט עס איהם אויף'ן האַרץ, אין האַלז, ווייל ער איז נישט דרייסט צו זאָגען.

דער עקר קומט איהם אָן שווער דער ערשטער אַרויספאָהר. ער וואָלט געקענט מאַכען, ווי דער רבי מאַכט: „ער זאָל לעבען" גיט אַ רוק דאָס בענקיל, קוקט אָן אַלע, וואָס זיצען בייים טיש, מיט אַ שטרענגען, אַ ביסל בייזען בליק... דערנאָך—אַ קרעכץ... נור נאָכמאַכען שעמט זיך דער סאַקענער רב: צו האָט ער מורא, מען זאָל איהם נישט האָפען דערבייי, צו איז עס דעראיבער, ווייל ער האָט בכלל פיינד ליגענד — דאָס איז שווער צו זאָגען. —

נור די תורה דריקט דעם רב און ער געפינט אַ מיטעל: ער לאָזט אַראָב די אויגען, האַלט מיט איין האַנד צו דעם שטערן, מיט דער אַנדערער שפּיעלט ער זיך מיט אַ מעסער אויף'ן טיש, און הייבט אָן שטיל, קוים וואָס מען הערט:

— כי תצא למלחמה על אויבך — אויבך — דער יצר הרע, אוי־אוי־אַ... ער שאָקעלט צו מיט'ן קאָפּ. ווערט אַביסל דרייסטינגער, טייטש ווייטער דעם פּסוק און קומט אַליין מעהר אַריין אין דער ראָלע. ער קוקט שוין יעצט דרייסט דעם אורח אין פּנים אַריין. דער אורח פערקרימט זיך אויך, גיעט אַ שאָקעל מיט'ן קאָפּ נור די אויגען זיינע קענען זיך באין אופן נישט אוועק רייסען פונ'ם פלעשיל בראַנפען, וואָס שטעהט אויף'ן טיש, און ער קען זיך ניט אויסוואונדערען, ווי אַזוי איז דאָס עפּיס מעגליך, אַז ס'זאָל בלייבען אַזוי פיעל בראַנפען נאָך'ן עסען. און אַז דער רב קומט צו צו'ם ענין, אז „בשביה" — אין געפענגניש, — מיינט מען די „מדות רעות" און „אשה יפת תאר" מיינט מען, אַז יעדע שלעכטע מדה האָט איהר גוטען צד, דאָ קען זיך דער אורח שוין נישט איינהאַלטען, חאַפּט עפּיס אונגעלומפּערט, מיט אַ מין איילעניש דאָס פלעשעל, גיעסט זיך איין אַ גלעזיל בראַנפען, פערגיעסט אזש אַ שטיק טישטוך, און טרינקט מיט אַ צוריקגעלאָזטען קאָפּ, מיט איין שלונג, ווי אַ'ן עכטער שכור, זאָגענדיג פריהער אַ פערשלאָפענעם, הייזעריגען „לחיים". אויף'ן רב'ס בענייסטערונג ווירקט עס שלעכט, „עס צומישט איהם די מחות", און ער קעהרט זיך איבער צו'ם זוהן.

אין אמת אַריין, האָט דער רב אין דעם ענין פון תורה ניט קיין סך צו טרויען צו'ם זוהן, האָטש ליעב האָט ער איהם זעהר, ווייל ער איז דאָס איינציגע קינד זיינס, פון וועלכע ער רעכענט מיט גאָט'ס הילף צו האָבען נחת, און וואָס וועט נאָך הונדערט יאָהר איבערנעמען דאָס סאַקענער רבנות. דער עלטערער זוהן איז אַן עשר, נור אַ פּראָצענטניק, און דער אַלטער איז פון זיינע עשירות אין גאַנצען ניט צופריעדען; אַ טאָכטער האָט ער געהאַט, איז זי געשטאָרבען און איבער געלאָזט קליינע יתומים... געבליבען איז איהם נור שלום. אַ גוטען קאָפּ האָט ער, לערנען קען ער וואויל, אַ שטיל קינד, אַ ציכטיגער... אַ שטיקל עקשן איז ער אַפילו, איינגעשפּאַרט אַביסל — נור דאָס קען ניט שאַדען פאַר אַ יונגעל, טראַכט דער אַלטער. אמת אויך, אַז יענע וואָך האָט מען איהם „לשון הרע" דערצעהלט אויף שלומ'ן: ער לעזט אַפּיקורס'ישע ביכלעך, און שבת האָט מען איהם געזעהן טראָגען... נור דער אַלטער גלויבט נישט. ער וויל ניט און קען ניט גלויבען, און גלאַט, — האָט ער אַ וודאַי שוין תשובה געטהון... „אַז אַ תלמיד חכם זינדיגט ביי טאָג טאָר מען ביינאַכט שוין ניט קלעהרען וועגען דעם", ווייל אַ תלמיד חכם טהוט תשובה, אַזוי שטעהט אין דער גמרא. —

פון דעסטוועגען זיין אייגענע תורה איהם צו זאָגען שעמט זיך עפּיס דער אַלטער: אַז שלום וויל ניט פאָהרען צו'ם רבין, דאָס ווייסט ער זיכער.

נור דער אורח מיט זיין בראַנפען טרינקען האָט איהם אַזוי צורידערט, אַז ער קוקט יעצט אויף'ן זוהן עפּיס מיט אַ ווייכהייט, ער בעט רחמנות ביי איהם: „הער מיך אויס, שלום, וואָס שאַדט עס דיר?" רעדט זיין בליק.

שלום דרעהט זיך אויס און רוקט זיך צו, שפּאַרט אונטער מיט דער האַנד דעם קאָפּ און קוקט דעם אַלטען אין די אויגען אַריין — פאַר כבוד וועגען. ער האָט דעם אַלטען אויך ליעב, נור אין תוך איז ער פערוואונדערט: ער רעכענט, אַז דער אַלטער ברויך שוין מעהר צו ווייסען וועגען זיין אַפּיקורסות, — עס וואָלט שוין צייט געוועזן... ער קוקט שטום, פערוואונדערט, אַ ביסעל מיט רחמנות און הערט אַ רגע ניט אויף צו טראַכטען: „אויף מיינע נאמנות, טאַטע, ביזט אַ גרויסער בטלן!"

נור ווען דער רב איז צוגעקומען אין מיטען שמועס צו'ם ענין פון „מיתת נשיקה“, ווי אזוי די צדיקים פאר גרויס דבקות שטארבען דורך גאט־ברוך־הוא'ס קוש, — האט אין שלום'ס אויגען פלוצלונג אויפגעלויכטען עפיס א פייעריל, און ער האט זיך איבער־גערוקט אויף'ן ארט. דא האט זיך געטראפען איינער פון יענע וואונדער, וואס טרעפען זיך זעהר אפט, נור מען בעמערקט זיי זעלטען: פון דער חסיד'ישער תורה איז ביי שלום'ן אין קאפ געבוירען געווארען א וואוילער גערדאנק אויף א ראמאנס. מענשען פערשטעהען פון דעם אלעם, וואס זיי זעהן און הערען, נור דאס וואס גלוסט זיך זיי. שלום איז גאר ענטציקט געווארען: שטארבען וויל ער דאך, איז דאך גאנץ וואויל און גאנץ געראטען, אז זיין געליעבטע זאל איהם אויף'ן טויטען בעט קושען, און דעמאלט טאקי, אין דער אייגענער רגע, וועט זיין נשמה אויסגעהן. די אידעע האט שלום'ן אזוי געפעלען, ער איז שוין יעצט אזוי איבעראשט געווארען מיט דעם שיר, וואס ער וועט אנשרייבען, אז איהם איז גאר ניט איינגעפאלען צוקלערען, צו ער וויל טאקי שטארבען, צו ער האט טאקי א געליעבטע, און ווי זי זעהט אויס... שלום האט געוואלט לעבען און שירים שרייבען. פאר וואס ער האט געוואלט לעבען איז שווער צו זאגען; נור שירים שרייבען האט ער כמעט ווי געמוזט: צייט ער איז געווארען אן אפיקורס, איז ער געווארען זעהר אומעטיג. א שטארקע מרה שחורה איז אויף איהם אנגעפאלען אזוי וויט, אז ער האט גאנצע נעכט נישט געקענט שלאפען און אלין געטראכט ווענגען דעם, פאר וואס די אלע מענשען, וואס גלויבען ניט אין יענער וועלט, פאר וואס זיי שחט'ן זיך נישט אויס אלע אויף איינמאל, ווייל סיי־ווי־סיי וועלען זיי דאך מוזען שטארבען... נור דערנאך, אז ער האט אנגעהויבען מעהר צו לעזען און האט אין זיך דערפיהלט א פעהיגקייט צו שרייבען, איז ער אביסל מעהר הייטער געווארען, און האט אמאל, בפרט, נאך א געליענגענעם שיר, זעהר אויפגעלעבט...

און באלד נאך'ן בענשען, אז דער אורח איז אוועק געגאנגען, און דער רב האט זיך געלעגט שלאפען אין דער אנדערער שטוב, האט זיך שלום ניט געקענט איינהאלטען דעם שיר ניט היינט באלד אויפצושרייבען. ער האט געהאט גרויס הארצקלאפעניש ביי'ם צוגרייטען זיך צו'ם אויפשרייבען, נור די מעשה גופא, אויפצושרייבען שבת נאך'ן עסען א שיר ביי'ם פאטער אין דער בית־דין שטוב, איז ביי איהם געווען עפיס אגבורה־שטיק, אזא מין זאך, וואס לוינט דערפאר זיך איינצושטעלען. פון זיין פערשלאסען קעסטיל האט ער ארויס גענומען דאס שרייב־געצייג, און מיט א טינטארען־פעדער אין איין האנד און מיט א העפט שירים אין דער צווייטער איז ער צוגעגאנגען אויף די שפיץ פינגער צום טיש. אויסגעזעהן האט ער דעמאלס ווי דער וואס קריכט אויף'ן שטריק איבער'ן מארק מיט אלאנגען דראנג און זיין אויסגעשטרעקטע האנד.

ער האט פערלעגט דאס טישטוך, אניעדער געשטעלט דאס שרייב־געצייג אויף'ן טיש, און האט זיך נאך אמאל אומגעקוקט, צו קיינער איז ניט דא אין דער שטוב, געטראכט האט ער ווענגען דעם, אז דער רב, ווען ער האפט זיך אויף פון שלאף, הוסט ער; און אז ער געהט, שלעפט ער אזוי נאך די פיס און קלאפט אזוי מיט די לאנגע לאטשען. אז מען קען אפילו אין דער דריטער שטוב הערען. דאס הייסט, אז ער קען זיין רוהיג, און דאס הארץ זיינס קלאפט גאר בחנם.

ער ווערט רוהיגער, לעזט די אנגעשריבענע שירים, און דאס פנים זיינס זאגט, אז ער איז צופריעדען פון די שירים. ער וויל שוין צוזאמען נעמען די געדאנקען צו'ם נייעם

שיר, נור עפּיס א זאך לאָזט איהם נישט: ער האפּט די גארטעל, מיט וועלכער ער איז צוגעגארטעלט, וויקעלט זי אויף און ווארפט זי אוועק צוואָרפען אויף'ן רב'ס אויס־געבעטע שטוהל.

און יעצט, אז קיין שום זאך שטערט שוין נישט, ברויך צו געשעהן נאָך א זואונדער: דעם רב'ס תורה, וואָס איז אין שלום'ס מח איבערגעקעהרט געוואָרען אויף א ראָמאנטישע אידעע, ברויך איבער צו געהן ביסלעכווייז פון מח אין האריץ אריין, פון דאנען ברויך זי זיך צוריק אויסצוגיסען אויף'ן פאפּיר און איבערגעטראָגען צו ווערען אין אנדערע מחות אריין פון שלום'ס בעקאנטע, וואָס לעזען זיינע ראָמאנסען מיט התלהבות און האָבען פון זיי גאנץ שלעכטע געדאנקען ביינאכט...

און ער הייבט זיך אָן צו פיהלען ווי ער וואָלט געלעגען אויף'ן טויטען בעט, קראנק, שוואך, אָהן לשון, מיט פערגלאצטע אויגען... זעהן זעהט ער גאָר נישט, נור ער דערפיהלט אויף זיין באק א קוש א לייכטען, א דינען... עפּיס הערט זיין נשמה אזא זיס קול... ער וויל ארויס נעמען די הענד פון אונטער דער קאָלדרע און קען נישט— ער שטארבט — — טונקעל ווערט — — —

און אין שלום'ס אויגען בעווייזט זיך עפּיס גאָר א ליכטיגער, אונגעוועהנליכער גלאנץ; דאָס האריץ איז אָנגעלאָדען מיט אגרויס געפיהל, וואָס וויל זיך ארויס רייסען; אין מח געהט א גיכע, לויפענדיגע ארבייט: דער גאנצער לעקסיקאָן ווערטער, דער גאנצער אוצר פון בעגריפען און פאָרשטעלונגען ווערט איבערגעוואָרפען אזוי שנעל, אז די ערקענטנים בעמערקט גאָר נישט פון דער ארבייט, — די נשמה זוכט, וואָס זי ברויך... די האנד בעוועגט זיך פאמעליך, צייכענדיג אן אות נאָך אן אות, א וואָרט נאָך א וואָרט... צייטענווייז נור רייסט שלום אוועק די אויגען פון פאפּיר, קוקט זיך אום. און ביי איהם אין האריץ איז אזא געפיהל, ווי די פיער וועלט און די שטילקייט זאָלען טראכטען:

— שאַ־שאַ! שטערט נישט דעם דיכטער ביי זיין שאפען! שטערט נישט דעם כהן, ווייל ער איז מקריב א קרבן צו זיין גאָט!

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

נור דעם רב אין דער אנדערער שטוב איז דערווייל אנייע תורה איינגעפאלען, און ער האָט געברויכט עפּיס נאָכצוזעהן אין א ספר... די טהיר האָט זיך געעפענט, דער רב איז אריינגעקומען, און שלום האָט גאָר נישט בעמערקט...

און א רחמנות איז געווען צו קוקען אויף'ן רב'ס פנים, וואָס איז עפּיס אויסטערליש אויסגעקרימט געוואָרען און א רחמנות איז אויך געווען אויף שלום'ן ווען ער האָט דערזעהן דעם רב, וואָס איז גאָר צומישט געוואָרען, און אנידער געזעצט זיך עפּיס אויף א בענקיל פונקט קעגען איבער שלום'ן, און האָט ארויס געלאָזט עפּיס אקול: א קרעכץ, צו אנגעשריי?...

געזעסען איז ער אָבער נישט לאנג, ער האָט נישט געוואוסט, וואָס מען טהוט, וואָס מען זאָגט דעם זוהן זיינעם; דאָס האריץ און די אויגען האָבען זיך געבעטען וויינען,— און ער איז צוריק צו זיך אין שטוב אריין. שלום איז געבליבען אליין אין דער שטוב, איהם איז געוואָרען ביטער אויף'ן האריץ, ענג אויף דער נשמה און ער האָט צוריק געשטעלט דאָס שרייב־געצייג אין קעסטיל, ארויס געגאנגען און מיט גענומען מיט זיך דאָס העפט שירים אונטערן ארבע כנפות.

עס איז צו בעמערקען, אז אין די שווערסטע מינוטען פון לעבען, ווען דער מח

קריענט א פּעסטערען שטויס, האפט זיך די נשמה דאָס ערשטע פאַר דאָס איהריגע. מיין באָבע האָט ביי דער גרויסער שׂרפה ביינאכט א־ויסגעהאפּט פון דער שאַנק, וואו ס'זענען געשטאַנען זילבערנע לייכטער, צוויי גרויסע טעפּ איינגעמאַכטס, וואס זי האָט ערשט נישט לאַנג אַליין געפּרעגעלט און אין איין העמד איז זי מיט זיי אַ־אָפּ געלאָפען פון די ברענענדיגע שטיגען. שלום, וואָס איז געווען שטאַרק צוריעדערט פון דער פּלוצלינגער סבה, האָט די שירים זיינע געראַטעוועט אויף יעדען פאַלס, — טאָמער קומט אויס ניט מעהר אַהיים צו קומען, זאָלען די שירים נישט פערפאַלען ווערען.

געגאַנגען איז ער אין בית־המדרש אַריין, נור דאָרט איז געווען גאָר מוראָ'דיג: די בענק זענען געווען צורוקט אָהן שום אָרדנונג, מען האָט דערקענט, אז די בעלי־בתים האָבען זיך נאָך'ן דאַווענען זעהר געאיילט אַהיים געהן עסען. אויף אַ באַנק ערגעץ האָט געשנאָרכט דער שמש אַזוי הויך און אזוי גיך, אַז מען וואָלט געקענט מיינען, אַז ער וויל מיט די נאַזלעכער די גאַנצע לופט אויסשעפּען, כדי צו דערשטיקען די גאַנצע וועלט...

דאָס טישטוך אויף דער בימה איז געווען צוואָרפען, ווי שלום'ס גאַרטעל אויף'ן רב'ס שטוהל; די פאָדלאָגע איז געווען זעהר ברודיג אונ אַלץ איז געווען עפּיס אַזוי טויט, אַשטיינער ס'זאָל ענטשלאָפען ווערען שבת נאָך'ן עסען אונ נישט בדעה האָבען אַפילו תחית־המתים אויפצושטעהן.

ער איז אַרויסגעגאַנגען פון בית־המדרש און געשפּאַצירט צום רב'ס שטוב און צוריק, אַרויף און אַראָב, אַראָב און אַרויף אַלאַנגע צייט. די זאַך איז אַלץ קלאָרער געוואָרען אין זיין קאָפּ, געוואָלט האָט זיך פערריכטען, חאָטש יוצא זיין מיט אַ וואָרט קעגען פאָטער, צוריק ווידער האָט ער געפיהלט, אַז ער ברויך איינמאָל אויף אַלע מאָל מאַכען אַן עק, אַרויסגעהן פון פאָטער'ס רשות, און ווערען אַ יודישער משורר... נור ווי עס איז אויף'ן פאָטער איז איהם אַ רחמנות געווען, און ער האָט געזען געוואָלט טהון עפּיס אַזוינס, וואָס זאָל דעם אַלטען טרייסטען, נור־וואָס? קושען, האַלזען איהם? גוט אויס־וויינען זיך פאַר איהם און זאָגען: „טאַטישי, איך און דו, מיר זענען ביידע גאָר נישט שולדיג“? נור ווי אַזוי זאָגט מען דאָס, אַז דער אַלטער זאָל עס פ ע ר ש ט ע ה ן ?...

און דער רב ביי זיך אין דער שטוב איז געזעסען געבויגען איבער אַ ספר, ער האָט זיך דוקא געוואָלט אין דעם ספר פערגעסען ער האָט געריבען דעם שטערן מיט ביידע הענר, נור אויף'ן האַרץ איז איהם געלעגען אַ שטיין, אַ שווערער שטיין. אין די אויגען זענען געשטאַנען טרעהרען, און ער האָט זיך שיער־נישט צעוויינט. ער האָט איצט געברויכט אַ לעבעדיג בעשעפעניש אויסצוגיעסען פאַר איהם זיין ביטער האַרץ, און ער האָט זיך שוין געוואָלט ווענדען צו דער רביצין:

— זעלדע! — האָט ער גערופען שטיל.

— אַ־אַ! נישט גוט איז מיר! דער פוס ברעכט, רבונו של עולם! — האָט די רביצין געזיפצט פון איהר בעט, — וואָס ווילסט דו?

— גאָר נישט, זעלדע, וואָס מאַכסט דו? האַ?

און ער האָט מעהר נישט געקענט רעדען מיט דער רביצין. ער האָט שוין אַפילו אין די געדאַנקען תשובה געטהון אויף דעם, וואָס ער האָט געוואָלט מצער זיין אַ קראַנק צובראָכען מענש...

ערשט אין עטליכע שעה אַרום איז דער רב צו זיך געקומען, געקענט עפּיס טראַכטען וועגען דעם, וואָס איז היינט געשעהן. עפּיס האָט ער אַלץ נישט געגלויבט.

נישט נעוואָלט גלויבען, אַז דער זוהן זיינער, שלום, האָט טאַקי מחלל שבת געווען אַזוי, אַז ער איז גאָר פּשוט „חיב סקילה". אַז מען ברויך איהם צו פערשטיינען... ער האָט געוואָ"ט פערענטפערען עפּיס און האָט נישט געקענט, און ער האָט זיך אָבגעשטעלט דערראויף, אַז דאָס איז „מעשה שטן", עפּיס אַן אָנשטעל... דערצו האָט זיך ביי איהם אין קאָפּ ארום געוואַלגערט עפּיס אַ חסיד'ישע מעשה וועגען אַ רבי'ן, וואָס אַ חסיד האָט איהם אַליין געזעהן רייכערען אין שבת די לולקע, נור דאָס איז געווען אַ ניט־גוטער... נור וואַרטענדיג אַ צייט און נישט זעהענדיג שלום'ן האָט זיין האַרץ אָנגעהויבען אַל'ץ פעסטער צו קלאַפּען, די ווירקליכקייט האָט זיך געוואָרפען אין די אויגען אריין, ער איז געוואָרען בייז, אַרויס געלאָפען פון דער שטוב אויפזוכען דעם מחלל־שבת און עפּיס אַ מעשה טהון אין איהם.

נור קוים האָט ער דערזעהן זיין זוהן, וואָס איז געגאַנגען אַרויף און אַראָב פאַר'ן בית־המדרש פערטראַכט און פערזאָרגט, האָט ער זיך אָבגעשטעלט, — ער האָט מורא געהאַט צו צוגעהן צו איהם. נור שלום האָט זיך אויסגעדרעהט, זיי האָבען זיך דערזעהן און דער רב, ווילענדיג־נישט־ווילענדיג איז צו איהם צוגעגאַנגען.

— ווערסט אַביסעל געהן? — האָט דער רב געפרעגט, מיט אַ שטילער, ווייכער שטימע, און אַראָבגעלאָזט די אויגען רעדענדיג.

שלום האָט נישט געענטפערט און איז מיטגעגאַנגען מיט איהם.

אַ ווײלע זענען זיי געגאַנגען שטום, דער רב האָט קיין מויל נישט געקענט עפענען, און דעם רב'ס שטילשווייגען האָט שלום'ן געמאַכט דרייסטינגער און מוטהיגער, און קוקענדיג אויף'ן רב'ס פנים, האָט ער זיך נישט געקענט איינהאַלטען ניט צו טראַכטען: „אויף מיין נאמנות, טאַטישי, ביזט אַגרויסער בטלן".

זיי זענען צו געקומען פאַר'ן ערוב פון שטעדטיל, דער רב האָט זיך בעזוכט אין אַלע טאַשען, דאָס טאַשען־טוך אָנגעטהון אויף'ן האַלז און געקוקט עפּיס מיט אַ מין נעבעכט אויף שלום'ן. שלום האָט זיך אָנגעטהון זיין טיכעל אויף'ן האַלז, און איצט האָט ער געקלעהרט וועגען דעם, אַז ווען ער איז יענע וואָך נישט געזונד געווען, איז דער אַלטער אָבגעזעסען ביי איהם כמעט אַ גאַנצע נאַכט און אַל'ץ געטאַפּט זיין קאָפּ.

אַרויסגעהענדיג אונטער דער שטאָדט האָט דער אַלטער אַ פּאָר מאָל אָפּגעהוסט און געזאָגט:

— וואָס איז דאָס?

נור שלום האָט זיך פעסט בעשלאָסען נישט צו ענטפערען קיין וואָרט, דער אַלטער האָט זיך בעמיהט צו קוראַזשען:

— וואָס איז דאָס?... אַזוי?... מחלל שבת צו זיין! שבת מחלל צו זיין... עפּיס חלול שבת! עפּיס...

ער האָט געהוסט און זיך אָבגעשטעלט.

זיי זענען אַרויס געגאַנגען אויף אַ לאַנגע, ברייטע לאָנקע, שלום האָט זיך פערקוקט אויף אַ פערד, וואָס איז געשפּרונגען מיט די געבונדענע פיס, דער אַלטער האָט זיך פערשטעלט מיט דער האַנד דאָס פנים פאַר די שטראַהלען פון דער זון, וואָס האָט זיך שוין אַראָבגעלאָזט צו מערב צו.

— ווי איז מען עפּיס מחלל שבת? נו, אדרבא, — איז עס אַ יושר? איז עס

א יושר אזוי? גלאט נעמען מחלל שבת זיין! איך האָב אויך אמאָל געקענט דקדוק — אָבער חלול שבת! זאָג אליין, שלום!

זיין קול איז געוואָרען נאַטירליכער, או דנאָס אָנרופען שלום'ן ביי'ם נאָמען האָט ביידען געמאכט גרינגער אויף'ן הארץ.

— מילאָ, האָסט געהאט „הרהורים רעים" — ווי קומט מען נישט צו א טאטען? איך בין דאָך א טאטע! הא? — האָט דער אלטער פלוצלינג אויפגעלעבט — איך בין דיין טאטע? זאָג — ניין — אפשר נישט?

און דער אלטער האָט זיך געפיהלט גאָר וואויל, א שטייגער, ווי ער וואָלט ערשט א וואוילע תורה אראָבגערעדט פון הארץ. „זיין טאטע, האָט ער געטראַכט מיט נצחון— „זיין טאטע בין איך דאָך זיכער, עס איז דאָך גאָר קיין שום ספק נישט פערהאן דערינען! דאָס קען דאָך דער גרעסטער אפיקורס נישט אָבלייקענען!"

— קומט מען צו געהן — האָט ער שוין גערעדט שארף מיט א גמרא נגון — זאָגט מען א טאטען. זאָגט מען, וואָס שאדט עס? דאָס קען דאָך גאָר נישט שאדען. איך האָב אויך געהאט „הרהורים רעים" — האָב איך אָנגעהויבען צו פאָהרען קיין ליבאוויטש. מען טאָר זיך נור נישט לאָזען פאלען! פערשטעהסט, שלום, מען טאָר זיך נור נישט לאָזען!

די לעצטע ווערטער האָט דער אלטער געצויגען, און צוגעמאכט מיט די הענד און גערינצעלט דעם שטערן. ער האָט זיך אריין געלאָזט און שמועס אין איז שוין כמעט זיכער געווען, אז שלום האָט נישט אָנגעהויבען צו זיין אן אפיקורס... ער האָט שוין געטראכט וועגען דעם, אז מען ברויך שלום'ן אונטערצוגעבען אביסל פייער, נישט צו לאָזען פאלען ביי זיך:

— מילאָ, האָט ער אָנגעהויבען זעהר ווייך — ס'טרעפט זיך א מכשול, פון דעסטוועגען...

נור איידער נאָך ער האָט זיך מישב געווען, ווי אזוי צו פערענטפערען דעם זוהן, האָט זיך דערווייל דאָס העפט שירים ארויסגעגליטשט פון אונטער שלום'ס ארבע־כנפות און געפאלען אויף דער ערד. דער רב איז געבליבען שטעהן מיט פערגאפטע אויגען, ד י מען וואָלט איהם אין מיטען א זיסען חלום אויפגעוועקט מיט א געוואלד „עס ברענט". ער האָט אציטער געגעבען מיט'ן גאנצען גוף און אָנגעהאפט זיך מיט ביידע הענד פאר די פאות. יעצט איז שוין קיין שום ספק נישט געווען, אז שלום האָט נאָך אמאָל מחלל שבת געווען — געטראָגען א העפט אונטער דער שטאָדט. און נאָך ערגער: ער האָט איהם אויסגענארט מיט דעם, וואָס ער האָט זיך געמאכט זוכען אין די טאשען פאר'ן ערוב.

און שלום איז אויך דערש־אָקען געוואָרען, אראָב געלאָזט דעם קאָפּ, און טרעהרען זענען איהם געקומען אין די אויגען אריין.

דער אלטער האָט געוואָלט עפיס רעדען, דאכט זיך, שוין אָנגעהויבען צו פרעגען נאָך א מאָל „וואָס איז דאָס?" נור אין מיטען האָט ער זיך האסטיג איינגעבויגען, אויפגעהאפט פעסט מיט ביידע הענד דאָס העפט פון דער ערד, א שטייגער, ווי ער וואָלט מורא האָבען, מען זאָל עס איהם ניט ארויס חאפּען.

— הא־הא־אזוי! — האָט ער אָנגעהויבען, שווער עטהעמענדיג — אזוי! א אפיקורס! א מין!...

נור איהם איז שווער געווען צו רעדען, א וועק ריהרען זיך פון אָרט האָט ער נישט געטאָרט מיט'ן העפט אין דער האנד אונטערן ערוב, די פּיס האָבען איהם געבראָכען, און ער האָט זיך אניעדער געזעצט און געוואָלט זעהן, וואָס דאָס איז אזוינס:

— א־הא! געשרייבעכטס! האָט ער געזאָגט, בלעטערענדיג דאָס העפט, — קום נור אהער! — האָט ער צוגערופען שלום'ן, וואָס איז אָבגעגאנגען עטליכע טריט. שלום איז צוגעגאנגען און געשטאנען אונטערטהעניג.

— וואָס איז דאָס? — האָט דער אלטער שטרענג געפרעגט.

— שירים.

— ווי הייסט שירים? צו וואָס טויג עס? ער האָט שוין ווייטער געפיהלט, אז ער ווערט שוואך ביי זיך און געוואָלט זיך שטארקען.

— צו וואָס טויג עס? זאָג מיר, אפיקורס איינער, זאָג מיר!

— אזוי, צו ליינען, טאטישי!

— ווי הייסט צו ליינען? א „מחטיא את הרבים" ווילסט דו זיין! א ירבעם בן נבט! אנדערע נאָך מאכען פאר אפיקורסים — ניין! איך וויל נישט, בשום אופן — נישט! וואָס טייטש עפּיס — א ירב—עם בן נ—בט!

דער אלטער איז בייז געווען, און אין אמת אריין האָט ער געוואָלט ראטעווען שלום'ן פון גיהנום, אויף ווי פיעל ער קען.

די זוהן האָט זיך דערוויילל אָנגעהויבען צו זעטצען, ס'איז שפּעט געוואָרען אהיים צו געהן; מיט'ן העפט האָט דער אלטער נישט געהאט וואָס צו טהון: איבער־לאָזען עס אויף דער לאָנקע האָט ער מורא געהאט, אז שלום צו אן אנדערער זאָל עס נישט אויפהייבען, ער האָט זיך אויפגעשטעלט און גענומען דאווענען מנחה. שלום איז דערווייל געשטאנען אויף'ן אָרט און זיך בעמיהט גאָר נישט צו טראכטען און גאָר נישט צו טהון.

דער אלטער האָט געענדיגט קרבנות, אריינגעשטעקט דאָס העפט אין דער גארטעל, נישט גערידהרט זיך פון אָרט. שלום איז אלץ געשטאנען.

— דאווען מנחה, שקין! האָט דער אלטער בעפוילען.

שלום האָט אָנגעהויבען צו מאכען מיט די ליפען.

און דער אלטער האָט געפיהלט אין מיטען דאווענען, אז דער כעס זיינער ווערט אָבגעקיהלט. פאר „שמונה עשרה" האָט ער א בליק געוואָרפען אויף שלום'ן און איהם האָט ווידער וו'לד משונה אויסגעזעהן, אז דאָס זאָל זיין אן אפיקורס, אז מען זאָל שלום'ן מעגען אריינוואָרפען אין א גרוב און הרג'נען אויף טויט.

שלום ווידער האָט דאָס ערשטע מאָל יעצט דערפיהלט דעם פאָטער'ס ווילען, און דאָס ערשטע מאָל אין זיין לעבען האָט ער זיין פאָטער ניט נור ליעב געהאט, נור אויך אונטערטהעניג געווען אונטער איהם.

די רויטע צערפלאמטע זון האָט זיך רוהיג אראָבגעלאָזט, צושפּרייט די לעצטע שטראהלען ווי קיינמאָל גאָר נישט און נישט געהערט א פּנים, ווי דער אלטער האָט זיך צעוויינט, אז ער איז געקומען צו „אתה אחד", ווי ער האָט גענומען דעם פרייען הימעל און די פרייע ערד פאר עדות, אז „גאָט איז איינער, און זיין נאָמען איז איינער און זיין פאָלק ישראל איז איין פאָלק אויף דער ערד, און ער האָט זיי געגעבען דעם שבת פאר א רוהיגקייט און אן ערבטהייל..." דער אלטער האָט געוויינט און געשלינגען

די טרעהרען, די אויגען זענען געווען פערמאכט. שלום ווידער האָט ניט געקאָנט קיין אויג אראָבלאָזען פון העפט, וואָס האָט ארויסגעשטעקט פון אלטענס גארטעל, און ער האָט זיך קוים איינגעהאלטען די שירים נישט ארויסצוכאפען און צו ענטלויפען.

צוריק צוועגס, ביינאכט שוין, האָבען זיי שוין צווישען זיך גאָר ניט גערעדט. א שטיינער, ווי זיי וואָלטען ערשט צוריקגעקומען פון א לויה... נור שלום'ס הארץ האָט געקלאפט, ער האָט זיך דערמאנט. אז דער פאָטער וועט ווארפען די שירים אין פייער אריין, און זיי וועלען פערברענט ווערען... און ער האָט דאָס בשום אופן נישט געקענט גלויבען. ערשט אז זיי זענען געקומען פאר דער טהיר פון דער שטוב, האָט שלום אָבגעשטעלט דעם פאָטער און געזאָגט מיט א שטימע, וואָס איז געווען דורכגעזאפט מיט טרעהרען:

— גיעב אָב, טאטישי, איך בעט דיך, גיעב אָב!

און דער אלטער האָט איהם דערלאנגט דאָס העפט, ניט קוקענדיג אויף איהם און געזאָגט:

— זעה, פערצעהל נור נישט דער מאמען! זיי זי נישט מצער! זי איז קראנק, לא עליכם...

ה. ד. נאָמבערג.



# א זכר פון דער אינקוויזיציע.

דאָס וואָס אין דער רוסישער ליטעראַטור איז ניטאָ אפילו קיין איבערזעצונג פון די קאַפּיטאַלנע געשיכטע־ווערק וועגען דער „אינקוויזיציע, וועלכע זענען פאַראַן אין אַנדערע אייראָפּעאישע שפראַכען, ווי למשל די ווערק פון ליאָרענטאָ און פון לי, — איז קיין וואונדער ניט, ווארום דאָס רוסישע פאָלק האָט קיין שום שייכות ניט גע־האט צו דער אינקוויזיציע; חאָטש יעדעס פאָלק, אפילו אַזא, וואָס די אינקוויזיציע האָט גאָר ניט אָנגערירט, קען פון איהר געשיכטע זעהר פיעל נוצליכעס פאַר זיך אָבלערנען, און פיעל עהנליכעס אין דער אייגענער געשיכטע געפינען, נור דאָס טהון געוועהנליך דאָך געלעהרנטע לייט, וועלכע קענען זיך בענוצען מיט ביכער אין פער־שיעדענע אייראָפּעאישע שפראַכען, געוועהנליכע לעזער אָבער פון רוסישען פאָלק קענען קיין בעדערפעניש ניט האָבען צו וויסען דייטליך די געשיכטע פון הייליגען בית־דין, ווייל די געשיכטע פון פשוט'ן פאָלק איז מיט דער דאָזיגער געשיכטע נאָר ניט פערבונדען; רוסלאנד איז אין אייראָפּאַ דאָס איינציגע לאַנד, וואו די ערד איז ניט אָנגעזעטיגט מיט דעם בלוט, וואָס דער דאָזיגער בית־דין האָט פאַרגאָסען, און

אין די טראַדיציעס פֿון פֿאָלק איז ניטאָ גאָר ניט, וואָס זאָל דערמאָנען די אינקוויזיציע און אַרויסרופֿען אַ וואונש צו וויסען איהר געשיכטע. בכן איז קיין וואונדער ניט, וואָס אַפֿילו אין דער אימפּעראַטאָרישער ביבליאָטעק אין פּעטערבורג איז ניטאָ קיין רעכטע ביכער אין רוסיש וועגען אַזאַ וויכטיגער זאַך.

דאָס אָבער, וואָס אין יודיש איז ניטאָ קיין איין־איינציג רעכטעס ביכעל וועגען דער אינקוויזיציע, איז אין פּלוג אַ גרויסע קשיא: ווי איז דאָס געמאָלט, אַז אַזאַ זאַך, מיט וועלכער די יודישע מסורה איז פֿול, אַזאַ אָרגאַניזאַציע, וועלכע האָט פֿיעל הונדערטער יאָהרען געזויגט דאָס יודיש בלוט און געשטיקט די יודישע נשמה, זאָל ניט געפֿינען איין יודישען שרייבער, וועלכער זאָל זי געווי און דייטליך בעשרייבען?!

נור דער תירוץ איז אַ פּשוטער: עס איז נאָך ניט געוועזען ביז דער לעצטער צייט פֿאַר וועמען צו שרייבען, אַ פּיעל־וועניג ענטוויקעלטער יוד האָט געקוקט אויף דער יודישער שפּראַך, ווי אויף אַ זשאַרגאָן וואָס טויג מעהר ניט, ווי פֿאַרן מארק, און על כל פנים ניט מעהר ווי אויף תחינות און מעשיות, און ווען ער זאָל למשל איבער לייענען אויפ׳ן שער־בלאַט פֿון אַ ביכעל: „די אינקוויזיציע“, וואָלט ער געוויס אַ שמייכעל געטהון און אַ ביסעל ברוגז געוואָרען אויף דער זשאַרגאָנישער חצופה, וואָס זי פֿערנעהמט זיך מיט אַזעלכע זאַכען, וואָס זענען ניט נאָך איהר כח.

ביי אַזאַ מיינונג וועגען דער יודישער שפּ־אַך האָבען די יודישע שרייבער זיך ניט נעקענט פֿערנעמען מיט ערענסטע ווערק.

איצט אָבער אַז יודיש האָט שוין אויך אָנגעהויבען דער וועקען צו זיך אַ גלויבען אַפֿילו ביי אינטעליגענטע יודען, איז טאַקע צייט מען זאָל וועגען אַלע זאַכען, וואָס האָט אַ שייכות צום יודישען לעבען און צו דער יודישער געשיכטע שרייבען פּשוט יודיש, כדי דער גרעסטער טייל פֿון פֿאָלק זאָל דאָס קענען אויסנוצען.

דער פּלאַטץ אין אַ זשורנאַל איז צו ענג, אַז מען זאָל דאָ קענען דרוקען גאַנצע ווערק, מיר וועלען זיך נור מיט אַלגעמיינע בעמערקונגען בעגניגען.

* * *

ליאָרענטע אין זיין בוך אין פֿראַנצייזישער איבערזעצונג: „L'histoire critique de L'Inquisition en Espaqne“ הויבט אָן די געשיכטע פֿון דער אינקוויזיציע מיט פֿיעל הונדערטער יאָהרען איידער איהר אָרגאַניזאַציע איז בעשאַפֿען געוואָרען. געגרינדעט איז דער הייליגער בית־דין געוואָרען אין יאָהר 1215 דורך דער גלחישע אסיפה (קאָנסיל) אין לאַטעראַן, און די געשיכטע הייבט ליאָרענטע אָן פֿון דעם ערשטען יאָהרהונדערט פֿון כריסטענטהום. ווי נור די ערשטע כריסטען זענען געוואָרען אויס נביאים, ווי נור פֿון אידעאַליסטישע פּרעדיגער האָבען זיי זיך איבערגעקעהרט אין אַ פּראַקטישער אויטאָריטעט מיט געוויסע כחות, — הייבען זיי גלייך אָן ברויכען געוואַלט צו דערשטיקען אַלע אינדיווידועלע מיינונגען, וועלכע זענען ניט געהייליגט געוואָרען מיט דער אויטאָריטעט פֿון קירכע. ביי ליאָרענטען קומט אויס, אַז די געשיכטע פֿון דער אינקוויזיציע איז מעהר ניט ווי דער אַנדער טייל פֿון דער געשיכטע פֿון דער קירכע בכלל. נור ווען מען זאָל די זאַך נאָך טיעפֿער בעטראַכטען איז די געשיכטע פֿון כריסטענטהום גופֿא דער אַנדער טייל פֿון דער געשיכטע פֿון מלחמה פֿון אינדיווידואַליזם מיט איינהייט. די דאָזיגע מלחמה איז אַנ׳אויביגע, זי איז געווען ביזן כריסטענטהום און הערט ניט אויף אויך איצט נאָך דעם, ווי די אינקוויזיציע איז

אום־אונד־אום בטל געוואָרען, עס ליעגט אין דער נאַטור פון יעדעס מענשען און פון יעדער אָרגאַניזאַציע אַ רצון צו געוועלטיגען, דאָס הייסט איינצואָרדענען דעם לעבען פון צווייטען לויט ווי ער פערשטעהט און ווי איהם געפעהלט און ניט, ווי יענער וויל. דיזער רצון ווערט מאַסקירט אונטער דעם שענעם נאָמען: „איינהייט": מען דערוויזט אייך, אַז ווען אַלע מענשען וועלען לעבען אויף איין אופן, וועלען אַלע זיין גליקליך. אמת די לעצטע צייט האָט דאָס דאָזיגע כשוף־וואָרט אָנגעוואוירען זיין מאַכט, און מען האָט אויף געהערט גלויבען אין דעם גליק, וואָס די „איינהייט" קען דער מענש־הייט געבען, נור דער רצון צו „איינהייט" איז ביי די שטאַרקערע איצט נאָך אויך געבליבען: זיי שטיקען די שוואַכערע, מאַכען זיך ניט־וויסענדיג, אַז זייער צוויבער וואָרט איז שוין שוואַך און טענה'ן נאָך אַלץ: „איינהייט, איינהייט!" דאָך איז אַצונד די אידעע פון „איינהייט" מעהר ניט ווי אַ מאַסקע צום דעספאָטיזם; אין אַמאָליגע צייטען אָבער האָט מען ווירקליך געגלויבט, אַז די „איינהייט" פון אַלע מענשען, די „איינהייט" פון זייער לעבענס־אופן, די גלייכהייט פון זייער אמונה וועט זיין אַ רפואה צו אַלע מכות פון דער מענשהייט. די נביאים אונזערע האָבען געפּרעדיגט די דאָזיגע „איינהייט". זיי האָבען נביאות געזאָגט, אַז עס וועט קומען אַ צייט, ווען עס וועט איין פאַסטוך זיין און איין טשערעדע, דאָס איז געווען דער העכסטער וואונש פון די בעסטע מענשען, די „איינהייט" איז געווען דער העכסטער אידעאַל פון דער מענשהייט; און ווי אויף צו להכעיס דער פאַנטאַזיע פון דער מענשהייט איז דער דאָזיגער אידעאַל גע־וואָרען אַ גרונד פאַר דעם נידעריגסטען דעספאָטיזם פון דער קאַטוילישער קירכע, אַ פונדאַמענט פאַר דער פערפלוכטער אינקוויזיציע און אַ תירוץ אויף דעם, וואָס ביז היינטיגען טאָג דריקט די גראָבע מאַכט דעם שענסטען און בעסטען רצון פון שוואַכע־רען, מיט דער טענה פון „איינהייט" האָט טאָרקוועמאַדאָ אונזערע עלטערן ענוים קשים אָנגעטהון, און מיט דער זעלבער טענה מאַטערן אונז די איצטיגע אָפּענע און בע־האַלטענע המנ'ס. המן, טאָרקוואמאדע און נאָך אַזוינע טענה'ן איין זאַך: „די יודען זענען ניט ווי אַלע", זיי זענען אַ מניעה צו דער „איינהייט" פון געמיינשאַפטליכען לעבען, הייסט עס, בכן דאַרף מען זיי שטיקען.

וואָס שטאַרקער די אויטאָריטעט ווערט, אַלץ־מעהר שטיקט זי דעם, וועלכער איז זיך איהר ניט אין גאַנצען מכניע. לויט די דאָקומענטען, וועלכע ליאָרענטע ברענגט אין זיין בוך, ווערט די געשיכטע פון דעספאָטיזם פון דער קירכע געטהיילט אין פיער עפּאָכען; אין יעדער שפּעטערער עפּאָכע ווערט די אויטאָריטעט פון דער קירכע שטאַרקער, ווערט ממילא איהר דעספאָטיזם, איהר אכזריות גרעסער.

די ערשטע עפּאָכע דויערט ביז „קאָנסטאַנטין דער גרויסער" האָט אָנגענומען דאָס כריסטענטהום פאַר אַ „מדינה־אמונה": אין דיזער עפּאָכע זענען די כריסטען אַליין געווען אין סכנות און די רוימישע קיסרים פלעגען זיי אָפּט רודף זיין, דאַריבער האָבען זיי מיט שוואַכערע פון זיך בעגאַנגען זיך ניט אכזריותדיג: זיי פלעגען שוין דעמאָלס אַפילו רודף זיין די אפּיקורסים, די יערעטיקער, דאָס הייסט די, וואָס האָבען ניט געגלויבט אין די עיקרים פון כריסטענטהום, פונקט אַזוי ווי די קירכע, אָבער די שטראָף פאַר אַנ' אפּיקורוס איז געווען אַ שוואַכע: מען פלעגט איהם צוויי התראות געבען, ער זאָל זיך אָבזאָגען פון זיינע דעות, און אויב דאָס פלעגט ניט העלפען, פלעגט מען איהם פון עדה אויסשליסען, דאָך פלעגט דער נאָך תשובה וויטער

העלפען, בעת דיאָקלעטיאַן, וועלכער האָט מיט אַלע כחות איינגעהאַלטען די „איינהייט״ פון דער רוסישער מלוכה, האָט דערקענט, אַז עס איז גוט פאַר דער מלוכה, אַז דאָס כריסטענטהום, וועלכען עס איז שוין שווער געווען צו דערשטיקען אין גאַנצען, זאָל לכל הפחות ניט ברעקלען זיך אין בעזונדערע סעקטעס און שאַדען נאָך מעהר דער „איינהייט״ פון רום, — האָט צו ליעב דעם פער׳משפ׳ט דעם פיהרער פון די מאַנושייער סעקטע צום טויט, האָבען די בישאָפען פאַר זיי געשתדלנט, חאָטש די מאַנושייער זענען געווען די גרעסטע פיינד פון דער קירכע.

אין דער אַנדער עפאכע, ווי באַלד קאָנסטאַנטין האָט אָנגענומען די כריסטליכע אמונה, הויבען שוין אָן די כריסטען גאָר אַנדערס צו פיהרען זיך:

פון דעמאָלט אָן האָט די קירכע געמאַכט יד־אחת מיט די קעניגע און האָבען גערודפט זייערע געגנער וואס ווייטער אַלץ מיט גרעסערע אכזריות. מען האָט איינגעשמועסט קאָנסטאַנטינען, אַז ער זאָל אפיקורסות פאַרעכענען פאַר אַ פאָליטישען פערברעכען, און דער מיט האט מען דערגרייכט צוויי ציעלען; ערשטענס, וועט זיין גרינגער רודף זיין דעם אפיקורוס, אַז מען האָט אַזאַ שטאַרקען שותף, ווי דער מלך, און צווייטענס ווארפט מען אַראָב פון זיך אַלע אחריות: מען קען זאָגען, אַז די אמונה בלייבט אַנ׳אמונה פון ריינע ליעבע, אַי וואס מען ברויכט אַנטקעגנען די געגנער אכזריות, טהוט דאס גאָר די מלוכה, אָבער די קירכע בלייבט ריין און הייליג. אין דער דאָזיגער עפאכע איז שוין נעוועהנליכע שטראָף פאַר אפיקורסות געוועזען: אָבנעהמען בירגערליכע רעכטע, פערשיקען, ריטער, און פאַר זעהר געפעהרליכע אפיקורסים האָט מען שוין דעם טויט אויך איינגעפיהרט; אין דער ערשטער עפאכע האט די קירכע געפיהרט די מלחמה מיט די אייגענע מיטגליעדער, וועלכע האָבען ניט אָנגענומען אַלע איהרע עיקרים פון אמונה; אין דער אַנדער עפאָכע אבער האָט זי דאס פעלד פון מלחמה שוין פערברייטערט: איבערהויפט אפילו האט די קירכע דעמאָלס אויך רודף געווען די מאַנושייער און די כריסטען וועלכע עס האָבען זיך אומגעקעהרט צו געצענדינערײ, נור זי האט שוין די יודען אויך אָנגעהויבען רודפ׳ן: אין יאָהר 633 איז דער גלחישער אסיפה אין טאָלעדא. אויף וועלכע עס זענען געווען פאָרזיצענדע דער קעניג סיסענאַנד און דער בישאָף איסידאָר, איז שוין אָנגענומען געוואָרען אכזריות־דיגע געזעצען געגען די כריסטען, וואס קעהרען זיך אום צו יודישער אמונה.

די דריטע עפאכע הויבט זיך אָן פון דער צייט, ווען פיעל ווילדע פעלקער האָבען אָנגענומען די כריסטליכע אמונה. דעמאָלט איז די שטראָפען פאַר אפיקורסות שוין געװאָרען זעהר מורא׳דיג. די נייע כריסטען האבען מיט זיך אריין געפיהרט אין שוים פון דער כריסטליכער אמונה ווילדע אכזריות און ווילדע השגות: למשל ביי די דרואידען איז געווען אַ גלויבען, אַז דער מענש, וועלכען זייער גייסטליכער שלוסט אויס פון קירכע, ווערט חרם און קיינער טאָר מיט איהם קיין מגע ומשא ניט האבען; דעם דאזיגען גלויבען האבען די קאַטוילישע פויבסטען מיט פערגעניגען צו געמומען, און איינגעפיהרט ביי כריסטען, און דער „אינטערדיקט״, דער חרם, איז אַ שטאַרקער געװעהר געוואָרען ביי זיי אין די הענד געגען די אפיקורסים; מיט דעם דאָזיגען געוועהר האבען זיי געקעמפט אפילו מיט קעניגען, וועלכע זענען ניט געווען אין גאַנצען נכנע צו זיי. די פויבסטען זענען געוואָרען אין גאַנצען די בעל־הבתים פון דער וועלט: זיי האָבען געקריינט מלכים און האבען ביי זיי די קרוינען צוגענומען, ווי עס האָט בעסער געפאַסט פאַר דער

פּאָליטיק פֿון פּויבסט און דער אויטאָריטעט פֿון דער קאַטוילישע קירכע; אין יאָהר 752 האָט דער פּויבסט „עטיען דער צווייטער" געמאַכט די ערשטע פּראָבע: ער האָט בעפֿרייעט די פֿראַנקען פֿון דער שבועה, וועלכע זיי האָבען געגעבען זייער קעניג „שילדעריק דעם דריטען" און האט געקרוינט „פּיפּין דעם קורצען". אין יענער צייט האָבען שוין די רדיפֿות געהאַט דעם עכטען חאַראַקטער פֿון דער אינקוויזיציע: די קירכע האָט געניוט די מלכים אַנעהמען דריי פּרינציפּען: [1])מען דאַרף אויסשליסען פֿון קירכע ניט נאָר פֿאַר אפּיקורסות, נור אפילו פֿאַר ניט פֿאָלגען דעם גייסטליכען. [2]) אויב דער אויסגעשלאָסענער וועט זיך אין אַ משך פון אַ יאָהר צייט ניט מכניע זיין דאַרף מען איהם בעטראַכטען ווי אַנ'אפּיקורוס. [3]) און ווער עס האַלט מלחמה מיט אַנ'אַפּיקורוס דעם ווערען מוחל זיינע חטאים. מיט דער הילף פֿון די דאָזיגע פּרינציפּען זענען די פּויבסטען געוואָרען אימשטאַנד צו דער שטיקען יעדען שפּור פון פֿרייהייט אין גאַנץ אייראָפּא. זיי האָבען אַרוים גערופען גאַנצע חילות און האָבען זיי אנגעשיקט אויף די, וועלכע זיי האָבען גע־עכענט פֿאַר אַפּיקורסים. זיי האָבען דאס גערופען קרייץ־מלחמות; זיי האָבען געגייט שווערען אַלע געמיינדעס, אַז זיי זענען מחויב מסר'ען יעדערען, אויף וועמען עס וועט ווערען אַ חשד אין אפּיקורסות. יונגלאך, 14 יאָהר אַלט, און מיידלאך, 12 יאָהר אַלט, זענען מהויב געווען ווערען מוסרים. אין יאָהר 1208 האָט מען שוין אפּיקורסים געמשפּט אויף צו פֿערברענען, ניר בכלל איז די שטראָף שוין פֿריהער אויך געווען זעהר אכזריותדיג אין דער דאָזיגער עפּאָכע, פֿיעל אכזריותדיגער איי־דער אין דער צווייטער עפּאָכע, וויל די גייסטליכע אויטאָריטעט איז געוואָרען פֿיעל שטאַרקער.

די פֿירטע עפּאָכע הויבט זיך אָן פֿון יאָהר 1215, ווען די לאַטעראנער גלחישע אספּה האָט געגרינדעט די אָרגאַניזאציע פֿון דער אינקוויזיציע. די אַרבייט פֿון אויספֿאָר־שען און בעשטראָפֿען די אפּיקורסים איז געוואָרען גרויס און מען האָט שוין געמוזט האָבען אַ שטענדיגען בית־דין, וועלכער זאָל זיך דערמיט אָבגעבען. די בישאָפֿען זענען נאָך אפילו געבליבען ווי פֿריהער אויף אַ קליינער צייט די שופֿטים, נור די פּויבסטען האָבען שוין בעשטימט לעגאַטען (שלוחים) פֿון די מיטגלידער פֿון דעם דאָמיניקאנער אָרדען, דאָס הייסט פֿון דעם בונד פֿון די מאָנאַכען, וואָס דאָמיניק האָט געגרינדעט; די דאָזינע לעגאַטען האָבען געדאַרפֿט העלפֿען די בישאָפֿען אויסזוכען די אפּיקורסים און אגב אַכטונג געבען אויף די בישאָפֿען גופא זיי זאָלען ניט זיין קיין רחמנים אין דין. ביסלעך ווייס האָט מען די דאָמיניקאַנער געמאַכט מעהר אונאבהייניג פֿון די בישאָפֿען, ביז דער פּויבסט קלעמענט האָט זיי גאָר בעפֿרייט אין יאָהר 1265 פֿון די שייכות צו די בישאָפֿען און די אינקוויזיציע איז געוואָרען גאָר אין גאַנצען זעלבסטשטענדיג. די גרויס־לען אין דער צייט פֿון איהר געוועלטיגקייט האָבען שוין געהאַפּט איבערן שיעור, און אַלע פֿעלקער האָבען זיך געהאפּט, אז מען טאָר אנ'אויטאָריטעט ניט צופֿיעל אונטער־געבען זיך. ווארום וואָס מען גיט איהר מעהר נאָך, ווערט זי אליץ מעהר דעספּאָטיש. עס האָבען זיך אָנגעהויבען מרידות אין פֿערשיעדענע ערטער: מען האָט איינינע אינ־קוויזיטא־ען געהרג'עט, מען האָט געמאַכט אנפֿאלען אויף די קלויסטערס פֿון די דאָמי־ניקאַנער, און מען האָט סוף כל סוף דעם הייליגען בית־דין פֿערטריבען כמעט פֿון גאַנץ אייראָפּאַ. די אכזריות פֿון דער אינקוויזיציע איז געווען איינע פֿון די סבות, וועלכע האָט אַרויסגערופֿען דעם פּראָטעסטאנטיזם, וועלכער האָט פֿיעל קאַטוילִיקען ארויסגעריסען פֿון שוים פֿון דער אלטער קירכע. צייטען וויז האָט די אינקוויזיציע נאָך איבער אַ

נייס אין פערשיעדענע לענדער אויפגעפלאַמט, נור זי איז שוין געווען ניט זעלבסט־שטענדיג, אַליין איז זי ניט געווען אימשטאַנד צו האלטען זיך ענטקעגען די מרידות פון פאָלק; זי איז מעהר נישט געווען ווי אַ העלפעריךדי קענינגען, וועלכע האָבען אונטער דער אידעע פון גלויבענס־איינהייט פערמאסקירט זייערע אייגענע אינטערעסען.

בכלל דארף מען אין דער דאָזיגער פיערטער עפּאָכע אויסטהיילען די פינפטע עפּאָכע, אין וועלכער די אינקוויזיציע איז ניט געווען די זעלבסטהערשערין און זי האָט געטהיילט איהר רויב מיט די מלכים. בעזונדערס האָט זיך די דאָזיגע עפּאָכע איינגענגעבען אין שפּאַניע. זי האָט דאָרט געהערשט פון יאָהר 1480 ביז יאָהר 1834, אין דער צייט האָט זי 31,912 פערזאָנען פערברענט 291,456 אפיקורסים פערמשפּט צו שווערע שטראָ־פען, למשל צו אייביגע תפיסה, קאַטאָרזנע אַרבייט, אָבנעהמען דאָס גוטס און פערשיל־טען די פאַמיליע. 17,000 מאַנן האָט זי אונטער די אויגען פערמשפּט, פערברענט די בילדער זייערע, אָבגענומען די גוסט און פערשאָלטען די פאַמיליעס; 118 בעוואוסטע געלערנטע און ליטעראַטען זענען געוואָרען איהרע קרבנות; די פּרעסע האָט זי געהאַל־טען אין צוואַנגען: זי האָט איינגעאָרדענט אַ צווייענדיגע צענזור. פריהער האָט דער קעניגליכער צענזאָר געדאַרפט איבערזעהען דעם כתב־יד און דער נאָך פלעגט דער אינקוויזיטאָרישער צענזור ערשט הייסען פערברענען די געדרוקטע ביכער. מען האָט געברענט און געשטיקט די געדאַנקען פון מענשען אזוי ווי זיין גוף, ביז מען האָט שפּאַ־ניע אין גאַנצען דערשטיקט: אז דער צענזור פלעגט ניט האָבען קיין רעכטע ביכער אויף אַסרען, וואָרום מען האָט די דענקער צוברענט און צוטריבען, פלעגט ער זיך שוין צו בינדען צו יעדען וואָרט, וואו איהם האָט זיך עפּעס געדוכט אַ מיין צווישען די שורות און די שפּאַנישע ליטעראַטור האָט געמוזט אָבשטאַרבען.

אויסער די צענזור וואס שטאַמט פון יענע צייטען האָט אונז די אינקוויזיציע איבער־געלאָזט נאָך אַ ירושה; איהר אופן צו משפטן כדי צו דערשטיקען דעם אינדיווי־דועלען, דעם בעזונדערן רצון, צו אַ לעבען נאָך דעם אייגענעם פערשטאַנד.

דער אופן צו משפט'ן וועלכער דיענט פאַר אַ מוסטער אַלע געוועהנליכע אייראָ־פּעאישע בית־דינ'ס האָט זיך געגרינדעט אויף עפענטליכקייט, די אינקוויזיציע אָבער האָט אין משפט איינגעפיהרט בעהעלטעניש און שטומקייט, איהר פרינציפ איז געווען, אַז זאָלען בעסער הונדערטער אומשולדיגע אומקומען, איידער איינער אַ שולדיגער, נאָך איהרע בעגריפען, זאָל בעפרייט ווערען.

(ענדע קומט).

ב ח " י.





* * *

עס ווינקט צו מיר אַ קבר,
בּעדעקט שוין לאַנג מיט גראָז,
ער ווינקט צו מיר און רופט מיך,
ער וויל מיר זאָגען וואָס.

און ווי אַ בּת־קול הער איך:
„קום נאָך אַ מאָל צו מיר;
עס ליעגט דאָך דאָ דאָס בּעסטע,
וואָס האָט געהערט צו דיר.

„און איז דיין הארץ פערוואַקסען,
ווי דאָ דער קברים־טהאָל, —
צו שפּראָצט ניט אויף אַ בּלום אויך
צווישען גראָז אַ מאָל?

„און פלאַמט ניט אויף קיין בּענקען
נאָך יענעם שמערצען־גליק,
וואָס איז אַוועק און וועט שוין
ניט קומען מעהר צוריק?"

עס ווינקט צו מיר דער קבר
און ציהט צו זיך מיט מאַכט,
און אָפטמאָל מאַכען טרערען
די אויגען מיר נאָך פייכט.

יעקב פיכמאַן.





# אונזער ארגאניזאציע.

יעדע אינסטיטוציע, וואָס איז בעשאַפֿען געוואָרען צוליעב אַ לעבעדיג בעדערפֿעניש, קען ניט שטעהן בלייבען אין די זעלבע פֿ אָ ר מ ע ן, אָן וועלכע זי איז פֿון דער התחלה אָן אויסגעגאָסען געוואָרען.

דאָס לעבען איז ווי אַ לויפֿענדיג וואַסער. עס בייט זיך און פֿרישט זיך אָב כמעט יעדע רגע. אין אַ משך אָבער פֿון אַ לענגערער צייט, בעקומט עס אַזעלכע גרויסע און וויכטיגע שנוים, אַז נור אַ גאַנץ שאַרפֿעס אויג קען דעמאָלט אַקוראַט און פּינקטליך בעשטימען, וועלכע וועגען עס איז געגאַנגען ביז עס איז געקומען צו דער איצטיגער לאַגע.

ווען אָבער דאָס לעבען בייט זיך אַזוי שנעל און אַזוי וועזענטליך, וואָלט דאָך געווען דאָס גרעסטע שטות צו בעהויפּטען, אַז די פֿ אָ ר מ ע ן, אין וועלכע דאָס דאָזיגע לעבען איז איינגעפּאַסט, קען אויף אַ גאַנץ לאַנגע צייט, אָדער גאָר אויף ת מ י ד, בלייבען איינע און די זעלבע גאָר אָהן אַ שום שנוי.

דאָס זעלבע איז מיט אונזער אָרגאַניזאַציע. ניט־רעדענדיג שוין פֿון דעם, ווי אַזוי די דאָזיגע אָרגאַניזאַציע איז גאָר פֿון לכתחלה ביי אונז צענויפֿגעשטעלט געוואָרען אין איילעניש, אויפ'ן ערשטען קאָנגרעס, אַבי פֿון דער האַנד אויסצוגלייכען די פּאָר נעגנערישע שטרעמונגען, וואָס האָבען זיך דעמאָלס ביים ערשטען בעגעגעניש פֿון רוסישע מיט אויסלענדישע ציוניסטען, אַרויסגעוויעזען; ניט־רעדענדיג שוין דערפֿון, וואָס ביי יענע פֿערהעלטניסע האָט זי ניט געקאָנט אַרויסקומען אַנדערש, ווי טאַנדייט מיט וויסע בייוועלאַך צענויפֿגעסטריגעוועט, — איז זי פּשוט דורך דער צייט פֿאַר־עלטערט געוואָרען, מיר זענען היינט פֿון אונזער אָרגאַניזאַציע שוין אין גאַנצען אַרויסגעוואַכסען און ווען מיר וועלען ניט קלערען, ווי אַזוי איהרע פֿאָרמען צו ענדערען און זיי איינצופּאַסען צו די היינטיגע בעדערפֿעגישען פֿון אונזער פּראַקטיקע, איז די נעפֿאַהר פֿאַראַן, אַז מיר וועלען גאַנץ דעזאָרגאַניזירט ווערען, ד. ה. מיר וועלען צעריסען ווערען אויף שטיק־שטיקלאַך און אנשטאַט איין איינציגע ציוניסטישע פּאַרטיי מיט איין־איינציגע פֿאָלקספֿערטרעטונג, וועט ביי אונז ווערען אַזוי פֿיעל „מנינים" און שטובלאַך, ווי אין אַ געבענטשטען פּוילישען שטעדטיל.

ווילען מיר אָבער פֿאָרנעמען אַ רעוויזיע אין אונזער גאַנצער אָרגאַניזאַציע, אַזוי מוזען מיר פֿריהער פֿעסטשטעלען די יסודות, די גרונדפּרינציפּען, וואָס מיר ווילען האָבען און פֿון וועלכע, ווייל זיי פֿעהלען ביי היינטיגער אָרגאַניזאַציע, די גאַנצע פּאַרטיי ליידט און די אָרגאַניזאַציע אַליין געהט צו גרונד.

דאָס ערשטע האָבען מיר פֿאַר אונז אַ דילעמאַ: ווי אַזוי מאַכט מען, אַז דער ציוניזם זאָל זיין שטרענג דעמאָקראַטיש, דאָס הייסט, אַז עס זאָל אַרומנעמען די ברייטעסטע מאַסען פון אונזער פֿאָלק און זיי די מעגליכקייט געבען אַליין איבער זייער לאַגע און איבער זייערע ענינים צו ענטשיידען, און אין דערזעלבע צייט זאָל אונזער אָרגאַניזאַציע ניט זיין קיין ערב־רב פֿון אַלערליי מינים מענשלאַך, וואָס קומען אין אונזערע פֿערזאַמלונגען, אין אונזערע פֿעראיינען, גאָט ווייסט צו ליעב וואָס און מיט וועלכע כונות, דערווייל אָבער דעמאָראַליזירען זיי, לעהמען די אַרבייט און אָפֿטמאָל טעראָריזירען זיי די גאַנצע פּאַרטיי.

אַז דער ציוניזם איז אַ פֿאָלקסבעוועגונג, און ווייל ער איז פֿאַר'ן פֿאָלק מוז ער אויך זיין דורכ'ן פֿאָלק — דאָס איז היינט שוין אַזוי קלאָר פּאַר יעדען, אַז עס לוינט זיך ניט דעריבער אפילו איין וואָרט צו פֿערליערען. נור אָבער האָבען מיר דעם ענין ביז היינט שלעכט פֿאַרשטאַנען. דער ציוניזם איז ווירקליך פֿאַר'ן פֿאָלק און עס וואָלט אבער זעהר גוט געוועזען ווען דאָס גאַנצע פֿאָלק זאָל זיך דער אָרגאַניזאַציע איינשליעסען, אַזוי אַז דעלעגאַטען צו'ן אַ קאָנגרעס למשל זאָלען קלויבען די פּריזאַדשאַנים פֿון די בתי־מדרשים אין רוסלאַנד אָדער די קולטור־מיטגליעדער אין איראָפּאַ. דאָס אָבער איז נאָך לעת־עתה ניט דערפֿאַל און מיר מוזען, ווילענדיג אדער ניט־ווילענדיג, מודה זיין אַז די ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע (ניט דער ציוניזם אַלס זאָלכער!) נעמט אַרום נור די ציוניסטישע פּאַרטיי. אַ פּאַרטיי אָבער קען זיין נאָך טויזענדמאָל אַזוי דעמאָקראַטיש אין איהר אינעווייניגסטען אַ יפֿבוי, אָבער פֿאַנאַטיש־אייפֿערזיכטיג מוז זי דרויף אַכטונג געבען, אַז אַלע מיטגליעדער פֿון דער פּאַרטיי זאָלען ווירקליך זיין בעוואוסט און געטריי איבערגעבען דער פּאַרטיי־זאַך. וויל מען אין דעם פּונקט זיך שפּיעלען אין דעמאָקראַטיע, אַזוי שפּיעלט מען מיט פֿייער ווען אַ פּאַרטיי איז נישט אויפֿמערקזאַם און ניט בעזאָרגט, ווער עס געהט אַריין אין דער פּאַרטיי אַלס בעל־דעה. אַזוי קען זי אין גאַנצען געלעהמט ווערען. שוין אינ'ם וואָרט „פּאַרטיי“ ליגט דער געדאַנק פֿון מלחמה אַקעגען אַנדערע פּאַרטייען און אַז אָך און וועה איז דעם חיל, וואָס אין זיינע שורות קען זיך אַבי־ווער אַריינרוקען און אפשר נאָך גאָר איבערנעהמען אַמאָל דאָס קאָמאַנדאָ...

ווייל אַלזאָ מיר זענען אַ פּאַרטיי, און אַזוי לאַנג ווי מיר זענען אַ פּאַרטיי, מוזען מיר אויך דאַפּיר זאָרגען, אַז אין אונזערע רייהען זאָל זיך קיין אַבי־ווער ניט קענען אַריין. צו דיעזעם צוועק איז אָבער דאָס שקל־סיסטעם ווייט ניט קיין אויסרייכענד מיטעל. דער שקל־צאָהלער קען זיין אַ נדבן אויף נאַציאָנאַל־צוועקען; ער סימפּאַטיזירט מיט דער ציוניסטישע פּאַרטיי און שטיצט דערפֿאַר איהר קאַסע; ער נעמט אויף זיך דעם קליינעם נאַציאָנאַלען שטייער לטובה פֿון זיין פֿאָלק — אזוי קען און דאַרף דער שקל מאָטיווירט ווערען אין פֿאָלק און אַזוי דאַרפֿען איהם אויסטייטשען אַלע ציוניסטישע אַגיטאַטאָרען בעת זיי רעדען צום פֿאָלק — דער אָרגאַניזאַציע אָבער געהערט ער נאָך דעריבער ניט אָן. פֿון שקל־צאָהלער דאַרף מען פֿיהרען אַ סטאַטיסטיק, וועלכע קען צונוטץ קומען אין פֿערשיעדענע הינזיכטען, אי פֿאַר אונז אינעווייניג אי פֿאַר דער „וועלט“ פֿון דרויסען, אָבער בויען די ציוניסטישע פּאַרטיי אויפֿ'ן שקל קען מען און מען טאָר ניט בשום אופן.

קיין גרויס אפּיקורסות וועט דערמיט חלילה נישט אַרויסגעזאָגט, דען עס איז

דאָך היינט מעהר קיין סוד ניט, אַז די שקל־צאָהלער בכלל נעמען גאָר אַ קליינעם טייל אין דעם גאַנצען גאַנג פון דער בעוועגונג. מיט זייער כח בענוטצט זיך געוועהנליך אַ קליין הויפעלע רעדעלפיהרער, וועלכע שרייבען רעזאָלוציעס און פראָטעסטען אינ'ם נאמען פונ'ם „פאָלק", און דאָס טאַקע דאַרף ניט זיין. קיין שקל־צאָהלער־דעות האבען מיר ניט, נור דורך דעם שקל־סיסטעם בעקומט אַבי־ווער די מעגליכקייט צו דרעהען אַ קאָפּ און אָנצומאַכען סמוטעס אין ציוניסטישען לאַגער. דער לעבעדיגער פאַקט איז, אַז די „דעה" ליגט ניט ביי די שקל־צאָהלער אין די הענד. דיעזען לעבעדינען פאַקט דאַרף מען לעגאַטיזירען, פונ'ם מנהג מאַכען אַ דין, אַזוי ווי דאָס איז תמיד דער וועג פון יעדער רעפאָרם, — און דורך דעם וועט אויפהערען דאָס אויגען־פערבלענדען פון היינטיגע פאָלקס־שרייער.

אויפגעבויעט דאַרף די ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע ווערען דורכאויס נור אויף אָרגאַניזירטע ציוניסטען, דאָס הייסט אויף אַזעלכע, וואָס די פּאַרטיי קען זיך אויף זיי פערלאָזען. עס איז זעלבסטפערשטענדיך, אַז פון אַזוינע ציוניסטען דאַרף געפאָדערט ווערען אַ געוויסער גראַד פון ציוניסטישען וויסען און פון ציוניסטישען טהון. דאָ אָבער שלאָגען מיר זיך אָן אין אַ נייער שוועריגקייט: ווי אַזוי מעסט מען אָב דאָס ציוניסטישע וויסען און טהון? מיט וואָס קען מען דעם ציוניסט קאָנטראָלירען, אַז ער קען דעם ציוניזם און אַז ער איז גענוג טהעטיג פאַר איהם?

קיין עקזאַמען פאַר ציוניסטען איז ניט פּאַראַנען, קיין שפּיאָנען־דיענסט ווער עס טהוט און ווער ניט וועט מען מסתמא אויך ניט איינפיהרען, אָבער דאָס דאַרף זיין די אויפגאַבע פון די מורשים וואָס ווערען פונ'ם קאָנגרעס אויסגעקליבען, אַז זיי זאָלען מיט'ן לעבען פון די אגודות אַזוי פערבונדען זיין, אַז זיי זאָלען „זייערע לייט" אַזוי ווייט קענען, אַז זיי זאָלען די דאָזיגע קאָנטראָלע פיהרען און בעשטימען ווער פון די אָרגאַניזירטע ציוניסטען האָט דאָס רעכט אין דער פּאַרטיי גערעכענט צו ווערען און מיט זיין דעה אויפ'ן גאַנג פון דער פאַרטיי צו ווירקען.

ווי אַזוי די מורשים קענען און דאַרפען דיעזע קאָנטראָלע פיהרען קען מען שוין אַ פּלאַן געפונען. ווייל אָבער דער פּלאַן קען ניט פאַר אַלע לענדער זיין איין און דערזעלבער, דעריבער וויל איך דאָ וועגען איהם גאָר ניט טראַכטען. דאָס מוז מען איבערלאָזען דער לאַנדעסאָרגאַניזאַציע פאַר זיך דעם פּלאַן צו בעשטימען. איצט אָבער איז פאַר אונז דאָס וויכטיגסטע דער פּרינציפּ, אַז ניט דער שקל נאָמירט די אַנגעהעריגקייט צו דער פּאַרטיי, נור פיעל מעהר שייכות צום ציוניזם מוז מען האבען אום צו דער פּאַרטיי גערעכענט צו ווערען. עס איז אונז אויך וויכטיג דער פּרינציפּ, אַז יעדער ציוניסט מוז פיהלען, אַז ער איז אַ פּאַרטיי־מאַן, אַז וואָס ער טהוט און וואָס ער זאָגט, טראָגט דערפאַר די פעראַנטוואָרטליכקייט די גאַנצע פּאַרטיי און דעריבער מוז יעדער ציוניסט אין זיין פּאָליטישען לעבען שטעהען אונטער דער קאָנטראָלע פון דער פּאַרטיי.

און ווען אַ „ציוניסט" וועט מוזען בעטראַכט ווערען אַביסעל ערנסטער אַלס אַ 40־קאָפּיקע אדער קראָנען־צאָהלער, וועלען זיך במילא שוין גרונדען די בילדונגס־פעראיינע וועגען וועלכע מען רעדט אַזוי פיעל ביי אונז און נאָך האָבען מיר זיי ניט.

דער דעמאָקראַטישער יסוד וועט אָבער דערפון גאָר ניט ליידען, דען גראָד

דער ביז־איצטיגער מנהג, אז בלויז א געלד־אָבצאָהלונג בעשטימט דאָס רעכט אין דער פּאַרטיי אַריינצוטרעטען, ווי קליין דיעזע אָבצאָהלונג זאָל ניט זיין, איז העכסט ניט־דעמאָקראַטיש. שוין דער פּרינציפּ אליין אז געלד געבען איז דער תנאי אין די פּאַרטיי־אַנגעהערינקייט — דער היוצא מזה, דאָס אליין איז אַ צייכען פון בורזשואַזנער אויפאַסונג. גראָד דאָס נעגענטהייל איז דעמאָקראַטיש: איינער געהערט אין דער פּאַרטיי און היוצא מזה איז, אז ער דאַרף די פּאַרטיי־קאַסע אונטערשטיצען.

* *

*

דאָס צווייטע, וואָס מיר האָבען צו ענדערן אין אונזערע אָרגאַניזאַציע איז די פּאַרטיי־לייטונג אין אַלע שטאַבליעס פון דער דאָזיגע פיהרערשאַפט.

אויך דאָ שטעהען מיר פאַר אַ פאַרכשופט'ען צירקעל, וועלכעס מען מוז איינמאָל פאַר אַלעמאָל דורכברעכען. אויף אינזער ביז־היינטיגען וועג האָבען מיר תמיד פון ביידע זייטען געהאַט „צוויי זיילען, איינע פון וואַסער, די אַנדערע פון פייער; האָבען מיר זיך געפּרובט צובייגען אין איין זייט האָבען מיר זיך אָבגעבריהט אין פייער, צו דער אַנדערע זייט — האבען מיר זיך פאַרקיהלט אין וואַסער”; אין דער מיט אָבער צו געהען האָט אויך ניט געהאָלפען, ווייל, ווי מיר האָבען באַלד אַרויס־געזעהן, האט דער וועג אונז שלעכט געפיהרט.

די פראַגע צעגליעדערט זיך אין פאָלגענדע פונקטען:

א) צו דאַרף מען א י י ן פיהרער, צו אַ קאָלעגיום פון ע ט ל י כ ע מענשען, וואָס אַלע האָבען גלייכע דעות און אַלע זענען פאַר דער פּאַרטיי גלייך פעראַנטוואָרטליך?

ב) אין וואָס פאַר אַ שייכות שטעהט די צענטראַלע צו די איינצעלנע לאַנדעס פאָרשטעהער, אָדער ווי מען רופט זי אין רוסלאַנד: מורשים?

ג) ווי ווייט ציהט זיך אויס דער כח פון די איינצעלנע לאַנדעס פאָרשטעהער אויף דער פּאַרטיי־לייטונג בכלל און אויף דער לייטונג פון זייער לאַנד בפרט?

ד) וואָס פאַר אַ שייכות שטעהט די פּאַרטיי־לייטונג אַלס עקזעקוטיווע, דאָס הייסט, אַלס דער אָרגאַן וואָס פ י ה ר ט א ו י ס די אַרבייט צום קאָנגרעס, וועלכער ב ע ש ט י מ ט די אַרבייט אין געזעצגעבענדען וועג?

יעדער פון די דאָזיגע פונקטען האָט אונז אין אונזער ביזהעריגער פּראַקטיק שוין נענונג בלוט קאַליע געמאַכט, צו נענוג צאַנקערייען געפיהרט, ווי דאָס איז נענוג בעקאַנט יעדען, וועלכער שטעהט אין דער פּאַרטיי פון אינעווייניג. מיר וועלען דאָ בלויז אין קורצען מרמז זיין אויף די חסרונות פון אונזער עקסיסטירענדער אָרגאַני־זאַציע און אָנווייזען ווי אַזוי מען דאַרף זי בעסערען.

מען מוז אָבער פאַר אַלעם נעדענקען, אַז ביז איצט האָבען מאַנכע פאָרמען פון אונזער אָרגאַניזאַציע עקסיסטירט טאַקע נור דערפאַר, וואָס מיר האָבען געהאַט ה ע ר צ ל ע ן. הערצל איז ניט געווען דער פיהרער, וואָס מיר האָבען אַמאָל א ו י ס ג ע־קליבען — די בחירות זענען דאָך תמיד געווען נור אַ צערעמאָניע! — הערצל איז געווען דער נ אַ ט י ר ל י כ ע ר פיהרער, דער קאָפּ, דאָס האַרץ און די נשמה פון דער פּאַרטיי. עס איז דעריבער קיין הדוש ניט, אַז ע ר איז געווען אַלעס אין דער פּאַרטיי: דער געזעצגעבער ביים קאָנגרעס, דער אויספיהרער פון די געזעצען אויסערדעם קאָנג־רעס, דער אויבערשטער בעפעהלסהאַבער איבער אַלע ציוניסטען פון קליין ביז גרויס

און אויך דער רעגולאַטאָר פֿון אַלע ניט־נאָ־מאַלע ע־שיינונגען, וועלכע האָבען זיך דאָ אָדער דאָ־ט אַ־ויס געשטעלט. עס איז אויך ביי הערצלען געווען ניט ווי עס האָט געדאַ־פֿט צו זיין. ביי הערצלען האָט עס אָבער געמוזט אַזוי זיין, ווייל הערצל און די גאַנצע בעוועגונג, הערצל און די גאַנצע ציוניסטישע פּאַרטיי האָבען זיך צוזאַמענגענאָסען אין איין בעגריף. און ווייל מיר אַלע האָבען געקענט שלאָפֿען רוהיג, בעת מיר האָבען געוואוסט, אַז הערצל האָט דעם ציוניזם אין זיינע הענד, דעריבער האָט הערצל געמעגט ניט וואַ־טען ביז מיר וועלען זיך פֿונ'ם שלאָף אויפֿ־האַפּען און אַנווייזען וואָס צו טהון...

היינט אָבער, אַז אויף וועמען צו פֿאַ־לאָזען זיך האָבען מיר שוין ניט קען דער אַלטער מנהג פֿון איין פֿיהרער ניט מעה־ ווייטער עקסעסטי־ען. „איינער איז קיינער" — זאָגט אַ פֿאָלקס־ווערטעל און מיר מוזען עס גוט געדענקען, מיר מוזען אָבער אויך געדענקען איין אַנדער פֿאָלקס־ווערטעל, לויט וועלכען „אַז עטליכע בעל־הבית'טעס קאָכען אַ טעפּעל ווערד עס קיינמאָל ניט פֿאַ־טיג", אָדער: „פֿון אַ סך ניאַנקעס קומט דאָס קינד אַרויס אָהן אַ אויג". איך וויל זאָגען, אַז אַ קאָלעגיום אַלס צענטראַל־לייטונג טויג אויך ניט, ווייל אַזוי ווי קיינער פֿון זיי ביחידות טראָגט ניט אויף זיך די פֿעראַנטוואָרטונג פֿאַר דער פּאַרטיי, אַזוי איז זיין אַרבייט ניט גערעגעלט פֿונ'ם אַחריות און זי קען ניט זיין אַזוי אינטענסיוו און צוועקמעסיג.

דער בעסטער וועג איז דעריבער, אַז די פּאַ־טיי־לייטונג זאָל טאַקע בעשטעהען פֿון עטליכע מענשען, אָבער יעדער פֿון זיי מוז זיין זעלבסטשטענדיג, אַליין אויף זיך טראָגען דאָס אחריות פֿאַר זיין אַרבייט און אַליין מוזען אָבגעבען דין וחשבון פֿון זיינע מעשים פֿאַר דער פּאַרטיי.

קודם מוז אָבגעטהיילט ווערען די אינעוויינסטע פּאַרטיי־לייטונג פֿון דער אויסעןוויינסטער, דאָס קליינע „אַקציאָנסקאָמיטע" פֿון דער „פּאָליטישער קאָמיסיע".

דאָס אַקציאָנס־קאָמיטע אַלס פּאַרטיי־לייטונג, איז די אויבערשטע אינסטאַנץ פֿון דער גאַנצער אָרגאַניזאַציע. זי זאָרגט פֿאַר דער אַגיטאַציע און פּראָפּאַגאַנדע, פֿאַר דער בעשאַפֿונג פֿון די נויטיגע מיטעל, פֿיהרט צו פֿאַ־טיי־קאַסע און גיבט זי אויס לויט אַ פֿריהער בעשטימטען בודזשעט, וועלכען עס בעשטעטיגט דער קאָנגרעס, פֿיהרט אויס קאָנגרעס־בעשליסע א. ז. וו. אָבער מיט דער דרויסענדיגער וועלט, קומט דער קאָמיטעט גאָר ניט אין קיין בעריהרונג. פֿאַר דער דרויסענדיגער וועלט מוזען מיר איינזעצען אַ מין אַרט „פּאַרלאַמענטאַרישע פֿראַקציע", אָדער ווי מיר וועלען עס רופֿען, אַ פּאָליטישע קאָמיסיע.

ביידע קאָמיטעטען זענען איינס פֿונ'ם אַנדערען ניט אָבהענגיג און נור אין געוויסע פּונקטען קומען זיי זיך צונויף. למשל ביי דער טהעטיגקייט פֿון דער באַנק און ביי דער פֿיהרונג פֿון דער פּאַרטיי־פּרעסע, אָבער אויך דאָ מוזען שוין פֿון דער התחלה אָן שטרענג בעשטימט ווערען די רעכטע און די פֿליכטען פֿון ביידע אינסטיטוציעס.

סיי דאָס אַקציאָנסקאָמיטע, סיי די פּאָליטישע קאָמיסיע מוזען האָבען איין פּערזאָן וואָס זאָל שטעהען אָן דער שפּיצע און זאָל די גאַנצע פֿעראַנטוואָרטונג פֿאַר זייער אַרבייט טראָגען. אָבער אין זייער אינעוויינגסטער אָרגאַניזאַציע קענען זיי

איינגעטיילט ווערען אין רעסאָרטען, וואו יעדער איז גאַנץ זעלבסטשטענדיג, למשל ווי עס פֿיהרט זיך ביי די מיניסטער־קאַבינעטען אין איירָאפּאַ.

דאָס אַקציאָנס קאָמיטע מוז זיך געפֿינען אין איין אָרט. דעריבער מוז אויפֿהערען דער אַלטער בעגריף פֿון גרויסען און קליינעם אַקציאָנסקאָמיטע. נאָך ן אַלטען בעגריף איז איינענטליך דאָס גרויסע אַקציאָנסקאָמיטע די אויבערשטע אינסטאַנץ פֿון דער פּאַרטיי־לייטונג. דאָס קליינע וויענער קאָמיטע אָבער איז ניט מער ווי אַ אויסשוס פֿונ׳ם גרויסען. דעריבער האָט מען תמיד געהאַט צו טהון מיט די טענות פֿון ביידע צדדים, פֿון וועלכע ביידע זענען גערעכט געווען. און ווער ווייסט עס ניט, אַז אַ סך ביטערע מאָמענטען אינ׳ם ציוניזם האָבען מיר דעם דאָזיגען פֿערהעלטניס צו דאַנקען.

די פּראַקטיקע האָט אָבער גענוגענד בעוויזען אַז דאָס שטרעבען פֿון די לאַנדעס־מורשים צו האָבען אַ גלייכע דעה מיט׳ן קליינעם אַקציאָנסקאָמיטע איז זעהר שעדליך און דעמאָראַליזירענד פֿאַר דער פּאַרטיי לייטונג. אַצונד איז שוין ניטאָ קיין הערצל און מען קען שוין קיינעם ניט פֿאָרוואַרפֿען, אַז אויס קנעכטשאַפֿט צו הערצל׳ס פּערזאָן, וויל מען שמעלערען די רעכטע פֿון די מורשים. אַצונד וועט מען אפשר שוין וועלען אויסהערען אַזאַ מיינונג און זיך ערנסטער צוהערען צו דעם מאטיוו פֿון איהר!

אַ פּאַרטיי־לייטונג איז זינד די וועלט שטעהט אַ קערפּערשאַפֿט, וואָס קומט זיך צונויף אין בעשטימטע צייטען און קען זיך צונויף־קומען ווען עס איז נייטיג אין יעדען מאָמענט, אַפֿילו ניט אין די בעשטימטע צייטען. אַ פּאַרטיי־לייטונג איז בבחינה פֿון אַ מיניסטעריום וואָס רעגיערט איבער אַ לאַנד, אַדרבאָ די אַרבייט פֿון אַ פּאַרטיי־לייטונג איז נאָך פֿיעל שווערער און פֿיעל חריפֿות׳דיגער ווי די אַרבייט פֿון אַ מיניסטעריום, ווייל עס פֿעהלט איהר יענער איינגעפֿיהרטער מעכאַניזם און די עקזעקוטיווע מאַכט, וועלכע העלפֿען דעם מיניסטעריום ביי זיין אַרבייט. עס איז נאָך ניט געהערט געוואָרען אַז אַ רעגירונגס־מיניסטעריום זאָל זיך צוזאַמענשטע׳לען פֿון מענשען, וואָס איינער זיצט „וו ליסיע״ און דער אַנדערער „וו סטריזיע״; עס איז אויך ניט געהערט געוואָרען, אַז אַ פּאַרטיי־לייטונג זאָל זיך אויף אַזאַ אַרט צוזאַמענשטעלען. און ווידער טאַקע דאָס איינענע: אַקעגען אַלע אַייערע טענות שטעהט דאָס איינגע׳עקשנ׳טע לעבען און זאָגט „לא מיט אַ גרויסער אַלף!״ טאַקע דורך דעם אומשטאַנד, וואָס דאָס גרויסע אַקציאָנסקאמיטע ליגט צעוואָרפֿען ממש בכל פינות העולם, עס קען ניט צוזאַמענטרעטען ווען מען דאַרף, ווייל העכסטענס קענען זיי זיך צענויפֿאָהרען 2-3 מאָל אין יאָהר, — דעריבער האָט זיך די זאַך אַזוי ענטוויקעלט, אַז די ראָלע פֿונ׳ם גרויסען איך איז געוואָרען אַ פֿיקטיווע אַ כלומרשט׳דיגע, כלומרשט זענען זיי גלייכע בעלי־דעות, אַז עס קומט פֿון עפּיס אָבער טהוט מען אַלעס אָב אָהן זיי און אין בעסטען פֿאַל פּועל׳ט מען ביי זיי אַז זיי זאָלען אַליין היסען אַלעס אָבטהון אָהן זיי... צו וואָסזשע טויג דאָס שפּיעלען אין בלענדעניש? די ראָלע פֿון דעם גרויסען איך קען ניט און וועט ניט געענדערשט ווערען. ווען מען איהר זאָלט ניט זעצען אויף הערצל׳ס שטוהל, ווי ווייט יענער ממלא־מקומו זאָל ניט ווייט זיין פֿון הערצל׳ס טאַלענטען א. ז. וו. אין דיזער בעציהונג, וועט ער טהון פונקט ווי הערצל, ווייל אַנדערש וועט ער ניט קענען טהון.

איז דען ניט בעסער אַלזאָ די זאַך נאַטירליך צו רעגעלען? איז דען ניט גלייכער צו סאַנקציאָנירען דאָס וואָס דאָס לעבען האָט שוין פריער אָנגעוויזען, אַז עס מוז אַזוי זיין? — איך גלויב אַז דאָס איז דער ריכטיגסטער וועג. ווען מען איהר ווילט זעצט דאָרט אַוועק אין צענטרום, שיקט אַהין „אונזערינגע" אפילו אַגאַנצען וואַגאָן, אָבער דאָס הויפּט־פּרינציפּ זאָלט איהר פעסטשטעלען אַז די איינענטליכע, אויבערשטע און פאָלשטענדיג אליין פעראַנטוואָרטליכע פּאַרטיי־לייטונג איז דאָס קליינע אַקציאָנסקאָמיטע, וואָס זיצט אין איין אָרט און קומט זיך אָפּט און רעגעל־מעסיג צוזאַמען. די לאַנדעס־מורשים זענען טאַקע ניט מעהר ווי בעפאָלמעכטיגטע פון דער אויבערשטער פּאַרטיי־לייטונג און זייער אויטאָריטעט איז טאַקע נור אַ לאָקאַלע ביי זיי אין ראַיאָן, אָדער אין לאַנד, אָדער אין דער פעדעריישאָן. מען זיך ווער עס וויל לאַבען, איך וועל ווייטער בענוצען דעם דמיון פון דער עקסיסטי־רענדער אַדמיניסטראַטיווער אָרגאַניזאַציע ביי די פעלקער, ווייל דאָס וועט אַם בעסטען קלאָר מאַכען וואָס איך וויל: אויב דאָס קליינע אַקציאָנס־קאָמיטע וועט זיין געגליכען צו'ן אַ מיניסטעריום, אַזוי דאַרפען די מורשים זיין בבחינה פון גובערנאַטאָרען אָדער שטאַטהאַלטער.

די פּאָליטישע קאָמיסיע אָבער מוז דוקא בעשטעהן פון מיטגליעדער, וואָס לעבען אין פערשידענע לענדער. ערשטענס ווייל עס איז אין יעדער לאַנד פאַראַנען פּאָליטישע אַרבייט, וואָס נור טאַקע דער היימישער קען וויסען און צוטרעפען דעם פּאַסענדען מאָמענט. צווייטענס איז דיעזע אַרבייט ניט קיין געאיילטע. דאָ לאָזט זיך און עס איז אַדרבא גאָר געזונטער, אַז איידער מע'טהוט עפּיס זאָל מען זיך אַ סך מאָל בעטראַכטען. אָבער אויך דאָ דאַרף דער פּרינציפּ אָבגעהיט ווערען, אַז יעדער איינציגער האָט די פאָלשטענדיגע פרייהייט און זעלבסשטענדיגקייט. און דאָך טראָגט פאַר זיי אַלע דאָס אחריות איינער. און ווידער אַ מאָל פאַרגלייכען מיט די אייראָ־פּעאישע פאָרמען, קען מען זאָגען אַז די פּאָליטישע קאָמיסיען און דאָס פערהעלטעניש צווישען איהר פּרעזידענט און איהרע לאַנדעס־מיטגליעדער דאַרף זיין בבחינה פון אַ אויסוועַרטיג אַמט מיט'ן גאַנצען שטאַב אַמבאַסאָדאָרס און קאָנזולען.

איך וויל נאָך אַ וואָרט זאָגען וועגען די מורשים אין זייער לאָקאַלען ווירקונגס־קרייז אום מיט די גרונדפרינציפּען וועגען דער פּאַרטיי־לייטונג פערטיג צו ווערען.

יעדער פון אונז ווייסט ווי אָפּט עס איז ביי אונז געקומען צוזאַמען־שטויסען צווישען דעם ציוניסטישען פאָלק און זיינע אָרטליכע פיהרער. עס איז גענוג צו דערמאָנען די סכסוכים צווישען די ענגלישע און אַמעריקאַנישע פעדעריישאָן'ס, און די דאָרטיגע ציוניסטען, די מלחמה צווישען אַ גרויסען טייל ציוניסטען אין רוסלאַנד אַקעגען דעם זעליגען פּאָסטצענטער און די אָפּטע סכסוכים פון גאַליצישע דיסטריקט־אָרגאַניזאַציעס מיט וויענער לאַנדעס קאָמיטע; עפּיס געדענק איך אויך פון אַ סכסוך אין רומעניען — מען מעג רעדען וויפיל מען וויל איבער אונזער אינדיווידואַליטעט, אונזער ניט קענען זיך סובאָרדינירען, אָבער מען מוז דערביי אויך מודה זיין, אַז אין די דאָזיגע אַלע פעלען זענען אויך שולדיג געוועזען די פיהרער. עפּיס צופיעל כח האָבען זיי זיך אפנים גענומען און מיט שטאַרקער האַנד האָבען זיי געוואָלט אונטער־דריקען גערעכטע ווינשע פון זייערע „אונטערָאָרדנעטע".

מוז מען זאָגען, אַז ביי היינטיגען סדר זענען די מורשים ניט אַרויסגעוואַקסען פון די ציוניסטישע אָרגאַניזאַציעס אַרוים. דעריבער זענען זיי אָפּט צוויי וועלטען און שלאָגען זיך אָפּטמאָל אָן, אַלס צוויי נעגנערישע שטרעבונגען. אים דאָס אין צוקונפט צו פאַר־מיידען מוז מען איינגעהען אויף דעם, וואָס אונזערע מורשים האָבען ביז היינט מיט אַלע כחות ניט צו געלאָזט — אויף פרייע פעדעראַציאָנס בילדונג! דער מורשה מוז אַרויס־קומען ניט פון פאַרלאַמענטאַרישע קאָמבינאַציעס ביים קאָנגרעס נור פון אַ פרייער וואהל ביי די פערשיעדענע ציוניסטישע פראַקציעס צווישען זיך. דער מורשה ווערט אַלזאָ נישט איינגעזעצט דורך קאָנגרעס זאָנדערען קומט גרייט אין דער שפיצע פון זיין פראַקציע, וועלכע שטעהט אין דער פאַרטיי אַלס פרייע זעלבסט שטענדיגע גרופּע אין פעדעראַטיווער פערבינדונג.

* * *

אַצונד קומען מיר ענדליך צום קאָנגרעס.

דער קאָנגרעס בעשטעהט פון דעלעגאַטען, וועלכע ווערען אויסגעקליעבען דורך און פון די לעגיטימירטע ציוניסטען, איין דעלעגאַט אויף אַ בעשטימטע צאָהל ציוניסטען. די צאָהל ציוניסטען וועלכע האָבען אַ רעכט צו שיקען אַ פערטרעטער צום קאָנגרעס, בעשטימט דער קאָנגרעס אַליין, לויט דעם וואַקסען פון דער פאַרטיי, אָדער זשע מען נעמט אָן איינמאָל פאַר אַלעמאָל אַ מאָדוס, אַז יעדע אָרטליכע אָרגאַניזאַציע, זי מעג בעשטעהען פון וויפיעל עס איז מיטגליעדער, האָט דאָס רעכט צו שיקען איהר פערטרע־טער צום קאָנגרעס.

דאָן געהערען דעם קאָנגרעס אָן, שוין אין קראַפט פון זייער אַמט, די מיטגליעדער פון אַנדערע, פונ'ם קאָנגרעס אויסשליעסליך פאַרטיי־בלעטער. אויף אַזאַ אופן, וואָלט מיט אַמאָל אויפגעהערט די קאָמעדיע, אַז די פאַרטיי־פיהרער מוזען ערשט ערגיץ וואו געוועהלט ווערען צום קאָנגרעס, און ווען למשל אַ חברה לצים וואָלטען נישט געוואָלט אויסקלויבען דעם מורשה פאַר אַ דעלעגאַט, וואָלט אויסגע־קומען, אַז דער מורשה זאָל קומען אויפ'ן קאָנגרעס אָבגעבען דין וחשבון פון זיין אַרבייט און דערנאָך זיך אַוועקזעצען אויף דער גאַלעריע...

די לייטונג פונ'ם קאָנגרעס, זיין פרעזידיום און פערמאַנענץ־אויסשוס, דאַרף זיין אונבעדינגט אַ זעלבסטשטענדיגע, ניט דער פרעזידענט פון א. ק. ניט דער פרעזידענט פון דער פאָליטישער קאָמיסיע און ניט אַנדערע חברים פון די עקזעקטיווע־אָרגאַנען, טאָרען אויסגעקליבען ווערען אין פרעזידיום פון קאָנגרעס, נור גראָד ניט קיין פעראַנטוואָרטליכע מענשען.

דאָס צו מאָטיווירען האַלט איך אויך פאַר איבריג, דען עס איז שוין וועגען דעם נענוג מאָל גערעדט געוואָרען און יעדער דענקענדער מענש קען עס לייכט איינזעהען, אַז עס געשיקט זיך ניט אין דער שפיצע פון אַ אינסטיטוט צו שטעלען אַזעלכע מענער, וואָס דאַרפען פאַר דיזען אינסטיטוט אָבגעבען דין וחשבון. אין קיין פאַרלאַמענט אין דער וועלט פרעזידירט ניט דער מיניסטר, אין קיין פאַרטיי־קאָנגרעס אין דער וועלט פרעזידירען ניט די פאַרטיי־פיהרער, אי ביי אונז איז הערצל געווען אַלעס, איז עס דאָך אָבער געווען הערצל, איגנאַנצען אַ זעלטענע ערשיינונג...

* * *

ווי איהר זעהט, האָט שוין מיין ארטיקעל אזוי אויך זיך צו גרויס אויסגעוואקסען, אז דאָס האָב איך ערשט נור סקיצירט מיינע מחשבות וועגען דעם פלאן פון אונזער קינפטיגער אָרגאניזאציע. דעריבער וועט דער לעזער מוזען אין פיעלע שטעלען אליין אויסציהען דעם געדאנק אין זיין קאָפּ. איך מיין אָבער, אז די גרונד־פּרינציפּיען פון מיין מיינונג האָב איך קלאָר ארויס געזאָגט, די וויכטיגסטע ליניען פונ'ם פלאן האָב איך זיכטבאר אויסגעריסעוועט, אזוי אז דער לעזער וועט קיין מיה ניט האָבען מיך אין גאנצען צופערשטעהן.

און איך מיין, אז מיט אזא גוט איינגעזעצטער מאשינע, וואו יעדעס רעדעלע, יעדעס שרייפעלע, איז אויף זיין רעכטען אָרט און טהוט וואָס עס דארף טהון, וועט פאָרט גרינגער זיין ווייטער צו פיהרען דאָס גרויסע ווערק, וואָס עס האָט אונז איבער געלאָזט אונזער גרויסער און אונפערגעסליכער פיהרער, הערצל עליו־השלום.

משה קליינמאן.

---

# סֶערֶענַאדֶע.

וֶוען דִי הִיץ הוֹיבְּט־אָן צוּ פַאלֶען,
וֶוען עֶס שְׁטַארְבְּט דֶער טָאג אִין שְׁטְרַאהְלֶען,
אִין הֶערְלִיךְ־שְׁטְרֶענְגֶער רוּה —
צוּם פֶּענְסְטֶער קוּם דַאן צוּ.

וֶוען פֶּערְשֶׁעמְט־פֶּערְשַׁייט צוּזַאמֶען
גְלִיהְט דֶער אוּנְטֶערְגַאנְג אִין פְלַאמֶען,
אוּן שָׁאטֶענְס שְׁוֶועבֶּען שְׁטוּם —
אַ בְּלִיק דַאן וַוארְף אַרוּם.

וֶוען דֶער טְהוֹי בֶּעשְׁפְּרִיצְט דִי גְרָאזֶען,
וֶוען קוֹים־קוֹים הוֹיבְּט־אָן צוּ בְּלָאזֶען
אַ לַייכְטֶער אָוֶוענְד'וִוינְד —
מַאךְ־אוֹיף דַיין טְהִיר גֶעשְׁוִוינְד.

וֶוען דִיר דוּכְט — דוּ הֶערְסְט מִיךְ זִינְגֶעוּ,
וֶוען דַיין הַארְץ הוֹיבְּט־אָן צוּ שְׁפְּרִינְגֶען —
אַרוֹיס דַאן שְׁפְּרִינְג פוּן טְהִיר —
צוּ מִיר — צוּ מִיר — צוּ מִיר!..

לַ. י. שׁ.



# ביים קעסעלע.

(אַ בילד).

---

ברכה זיצט אויף אַ קליין בענקעלע און הייצט דאָס קעסעלע. דאָס קליינע לעמפעל, וועלכעס שטעהט אויף אַ קליין טישעל, ברענט עפּיס אַזוי ווי פּערזאָרגט. די ווענד, וועלכע ווערען בעלויכטען פון דער שוואַכער ליכט, שטעהן ווי ברוגז, און עס דאַכט זיך, אַז זיי ווילען זיך צענויף־קומען און דערקוועטשען דאָס לעמפעל... נעבען טישעל שטעהן צוויי בענקלעך. אַנטקעגען שטעהט אַנ׳אייזערנע בעטעל מיט אַ רויטער קאָלדרע בעדעקט. ביים טהיר שטעהט דאָס קעסעלע, — און אין דער וואַנד איז אויסגעהאַקט אַ לאָך, אין וועלכען עס ציהט זיך אַריין די טרובע. פון דער העלפט טרובע צו דער וואַנד ציהט זיך אַ דראָט, אויף וועלכען עס טרוקענען זיך עטליכע שטיקלעך גרעט.

נעבען ברכה׳ן שטעהט אַ זאַק מיט סטאָליאַרנע שפענער. זי שטעקט אַלע מאָל אַריין די האַנד אין זאַק, נעמט אָן שפענער און וואַרפט זיי אין קעסעלע. דאָס פייער האַפּט זיי באַלד אַרום מיט אַ מין צאָרינדיגען הודזען און זשומען... די שפענער קאַטשען זיך צענויף, ציהען זיך, וואַרפען זיך, דרעהען זיך, ביז עס ווערט פון זיי אַ קופּע אַש.

אַ׳חלשות׳דיגע שטילקייט צעלעגט זיך אין יעדער ווינקעל, און עס דאַכט זיך, אַז די גאַנצע שטוב אַטהעמט שווער אונטער איהר שווערען קערפּער.

ברכה קוקט אין קעסעלע און איז פאַרטראַכט. גלייך ווי זי וואָלט דאָרטען נעזעהען דאָס גאַנצע לעבען איהרס. אַ גאַנצע וועלט טהוט זיך דאָרט אין קעסעלע! אָט זעהט זי קלאָרע ווייסע שפענדלעך, דער פייער האַפּט איינס אַרום, דאָס צווייטע, און, דערשרעקענדיג זיך פאַר דעם פייער, קוקלען זיי זיך צענויף ווי שלאַנגעלעך. דאָס פייער עסט גיך און עס ציהט אַלס אין טרובע. גלייך עס וואָלט דאָרטען עפּיס געהאַט בעסערס, געשמאַקערס פון די דאַרע שפענדלעך... איז איהר אָבער ברכה׳ן אביסעל פרעהליך, ווען עס ברענט! דאָס פנים ווערט איהר בעלויכטען מיט אַ העל קלאָהרער ליכט, איהרע געלע צוקאַרטשעטע באַקען ווערען ראָזעווע, די אויגען גלאַנצען ווי חלפים, טונקען זיך אין דער קאַליזשקע לעכטיקייט און עס שפּיגלען זיך אין זיי אָפּ קליינע פייערלעך. אין אַז דאָס קעסעלע הויבט אָן אויסגעהן, ווערט איהר דאָס פנים טונקעל, ווי פאַר נאַכט און די אויגען — מאַטעווע, ווי די ערד.

דאַמאַלסט, נעמט זי אַרום אַ מורא; פון יעדער קלאַפּ, וואָס דער ווינט ניעט אין פענסטער, דערשרעקט זי זיך, און עס ווייזט זיך איהר אויס, אַז עמיצער שטעהט אונטער איהרע פלייצעס און פאַרקוקט זיך איהר אין פנים... און ברכה ציהט ווידער אויס די האַנד צו׳ם זאַק מיט שפּענער און שטופּט ווידער אין קעסעלע.

נור דאָס קעסעלע מיט׳ן פייער קענען איהרע געדאַנקען ניט פאַר׳ברענגען, זיי זענען צופּייכט, מיט ווילגאָטש אסך... און קוקענדיג אין קעסעלע דערזעהט זי איהר טאָכטער, גאָלדע, וועלכע איז צוריק מיט אַ האַלב יאָהר געשטאָרבען. זי זעהט זי ביי מאַשין נעדען. זי זיצט איינגעבויגען און מיט איהר איין געפאַלענע, הונגעריגע ברוסט שפּאַרט זי זיך־אָן אָן דער מאַשין, קוקט אויף דער נאָדעל, וועלכע שפּרינגט אַרויף און אַראָפּ. און צוזאַמען מיט דעם טיאַכקען פון דער מאַשין הערט זיך אַ ליעד, אַ אומעטיגעס ליעד, וואָס שטעכט אין האַרצען, ווי די נאָדעל אין דער צייג... דאָס קול קאַטשעט זיך, קאַטשעט זיך, עס דרעהט זיך ווי אַ עקבויער. וויל דאַכט זיך, לעכערין די סטעליע... רייסט אויף די נשמה, שציפּעט דאָס האַרץ, ריכטיג ווי אַ קאַץ וואָלט דאָרט געזעסען און נעגראַבעלט מיט איהרע נעגעל... נור פּלוצים ווערט דאָס קול איבער געהאַקט ווי מיט אַ שאַרפער האַק. זי בלייבט שטיל. די מאַשין בלייבט שטעהן, און זי שפּאַרט אינטער מיט איין האַנד דעם קאָפּ און פאַר־טראַכט זיך...

„— 30 יאָהר איז זי אַלט געווען, אַ מיידעל געשטאָרבען"—דערמאָהנט זיך ברכה, און עס גיט איהר אַזעץ אַהיין אין קאָפּ. גלייך ווי דאָס פייער וואָלט זיך גע׳בריה׳ט אַרום האַפּען די פייכטע געדאַנקען איהרע... דאָס האַרץ ניעט זיך איהר אַ וואָרף ווי אַ פיש. עס ווייזט זיך איהר אויס אַז ניט נור גאָלדע איז געשטאָרבען, נור דאָ איז עפּיס פיעל עטוואָס אַנדערש אָפּגעשטאָרבען... זי דערמאָהנט זיך ווי זי האָט איהר איין מאָל געזאָגט: „גאָלדע וואָס איז דער תכלית? ביז וואַנען וועסטו זיצען?.. מיר וועלען אַריין פאַלען אין לייטישע מיילער..." און גאָלדע האָט איהר גאָר ניט געענטפערט נור אַ רויטע פאַרב האָט זיך איהר נעגעבען אַ יאָג אַריין אין פנים, און די אויגען זענען איהר געוואָרען רויט. ווי מיט בלוט פאַרגאָסען. דאָס פנים שטעהט איהר יעצט פאַר די אויגען. עס ווייזט זיך איהר אויס אַזוי בלאַס...

עס נעהט איהר איבער אַ קעלט איבערין לייב. עס הייבען איהר אָן די הענד צו ציטערין און זי האַפּט אויף גיך אַ הויפען שפּענער און וואַרפּט אין קעסעלע.

דאָס קעסעלע שלינגט די שפּענער, גלייך ווי עס וואָלט געווען הונגעריג, וואָס האָט אַ גאַנצען זומער ניט געגעסען... עס ווערט אַביסעל פאַרביג, העל, ווי עס וואָלט צופריעדען געווען וואָס האָט זיך אַריינגעחאַפּט צו ברכה׳ן אין שטוב.

אַ שטיק סטעליע אַנטקעגען קעסעלע לעבט אויך. עס טאַנצט אַרום אַ פייער־דינער ראָד, וואַרפּט זיך, דאָס אין איין זייט, דאָס אין דער צווייטער, ווי עס וואָלט זיך געריי־גלעט מיט די פינסטערקייט. וועלכע האָט זיך ווי אַ קויטיגער ליילעך פאַר־שפּרייט איבער דער גאַנצער סטעליע.

אין דרויסען רעגיערט דער ווינט. ער פאַלט אָן, ווי אַ בייזער הונט. דאָס אויף די הייזער, אויף די בוימער. קלאַפּט אין די לאָדען, פייפט, און אַ צושפּאַלטען שייבעלע מאַכט דאָרטען דזים־דזים־דזים. גלייך ווי עס וואָלט איבער נעגעבען דעם ווינט אַ׳סוד וואָס הערט זיך דאָ אינווייניג אין שטוב...

— אַנ׳איבערקערענעש... רעדט ברכה אַרויס, שטופּענדיג אין קעסעלע די שפּענער, און דאָס פייער, דערזעהענדיג די שפּענער, גיט אַ שמעק אַרויס אַ צינגעל, זוי ער וואָלט געזאָגט: גוט, גיעב נאָך, גיעב נאָך... ברכה זשאַלעוועט דעם קעסעלע קיין עסען ניט, זי האַדעוועט דאָס וויפּיעל זי קען און קוקט איהם אַלץ אין מויל אַריין, צו עסט דאָס מיט אַפּעטיט...

— „וואָס איז דאָס וואָס זי איז נאָך ניטאָ?״ — פרעגט זי זיך אין געדאַנק אויף דער יונגערער טאָכטער רייזיל, וועלכע אַרבייט אין אַ „טאבאטשנע״ פאַבריק,— „דאַכט זיך, עס איז שוין שפּעט״.

איהר ווייזט זיך אויס, אַז עס איז שוין לאַנג־לאַנג נאַכט, און זי ציהט זיך איהר ווי אַ לאַנגער שוואַרצער „קאָוויאָר״, וואָס מען זעהט ניט קיין אָנהויב ניט קיין סוף, און אויף דעם קאָוויאָר דרעהן זיך אַרום צוויי פיגורען, איינע איז שוין ווייט, ווייט, קוים וואָס מען זעהט שוין דעם שאטען איהרען... און עס פאַלט אָן אויף ברכה׳ן אַזאַ מורא, זי וויל שרייען, רופען זי, נור דאָס האַרץ ווערט איהר געקאָוועט און די צונג וויל זיך ניט ריהרען... אָט מערקט זי שוין קוים אָן אַ שוואַרץ פּינטעלע, נאכהער גיעסט זיך צענויף אַלעס צוזאַמען און זי ווערט ווי אין אַ זומפּף פערטרונקען, זעהט שוין פאַר זיך, ניט קיין צוויי פיגורען, נור איינע, און די איינע זעהט זיך נור ווי אַ פונק אין אַ געדעכטען רויך, וועלכע פליהט האַסטיג אין דער הויך, וואַרפט זיך הין און צוריק, ווי זי וואָלט געוואָלט פון דעם רויך זיך אַרויס רייסען און אַרויף פליהען אויפ׳ן הימעל...

צרות מיינע... וועהטאָגען מיינע... רייסט זיך איהר אַרויס מיט אַ זיפץ.

און זי לעגט אָן דאָס קעסעל ווידער פול מיט שפּענער, פערלעגט נאכהער די הענד אויף די ברוסט, שפּאַרט זיך אָן אויף די קניעס, און פאַרטראַכט זיך ווידער אין קעסעלע אַריין.

זי דערמאהנט זיך אָן רייזלען, וועלכע האָט איהר ערשט ניט לאַנג דערצעהלט, אַז דעם בעל־הבית זוהן ליעבט זי, ניט איינמאָל, קומענדיג פון דער אַרבייט, האָט זי זיך פערטראַכט, אויף גאַנצע שעה׳ן זיך פערטראַכט... און ברכה, קוקענדיג אויף איהר, פאַרטראַכט זיך אויך, נור איהרע געדאַנקען בלאָנדזען ערגעץ גאָר אין איין אַנדער וועלט אַרום, אַ וועלט אַ פינסטערע ווי אַ געדיכטער רויך...

ברכה האָט מורא פאַר ליעבע, „פון ליעבע — פלעגט זי שטענדיג זאָגען — וועט קיין נוטס ניט אַרויס״... פון רייזעל׳ס שענקייט האָט זי תמיד פיינד צו רעדען, זי ווייסט אין האַרצען, אַז זי איז שען, ווי די גאַנצע וועלט; אָבער „צו וואָס טויגט די שענקייט, אַז דער מזל איז מאום?״.. און אַ מאָל איז שענקייט גאָר קיין מעלה ניט, פערקעהרט, אַ גרויסער חסרון, וואָס קען ברענגען פיעל שמערצען... פינסטערע צרות...

איז זי אָבער שען!.. איהר פנים, איהרע אויגען, איהרע האָר... איז מעגליך, אַז מען זאָל זיך אין איהר ניט איינליעבען?..

און ברכה פערבלאנדזעט ווידער אין אַ נייער וועלט. דאָרטען זעהט זי אַ גרויסען פּאַלאַץ אין וועלכען איהר טאָכטער, אָנגעטהון אין גאָלד און בריליאַנטען שפּאַצירט אַרום... און זיך אַליין זעהט זי אויך דאָרטען, ביי דער רייכער, גליקליכער טאָכטער...

— ווי דערלעב איך דאָס, גאָט!.. רייסט זיך איהר אַרויס פון דעם ים געדאַנקען צוזאַמען מיט אַ זיפץ.

— אָבער וואו איז זי נאָך אַזוי שפעט?.. אין אַזאַ „וויאוגע"... אוי סא מויד... זי דאַרף זיך נאָך חלילה, צוקיהלען... מעהר פעהלט נאָך ניט... אפשר איז זי גאָר מיט איהם אין טהעאַטער געגאַנגען?.. אפשר..

זי פאַלט ווי פון הימעל אין אַגרוב אַריין, און אין דער גרוב בלאָנדזעט די טאָכטער אַרום. איהרע אויגען זענען אומעטיג, ברענען ווי אַ יאָהר צייט לעמפעל. און דאָס פנים איז געל...

— איך זאָל דאָס גאָר ניט דער לעבען גאָ־א־ט!! — רייסט זיך איהר פון האַרצען אַרויס...

* * *

רייזעל איז אַריין געקומען.

— אַ גוט אָבענד! אוי אַ מין דערשטיקעניש. — האָט זי אַרויס געזאָגט פאַר קרימענדיג זיך און אָפגעבלאָזען פון זיך.

— אַ גוט יאָהר — האָט איהר ברכה געענטפערט, דערפרייהענדיג זיך, און האָט זיך אויף געהאַפּט פונ'ם בענקעלע.

רייזעל איז געקומען אין גאַנצען ווייס, בעשאָטען מיט שניי. דאָס פנים איהרס איז געוועזען רויטלעך און פונ'ם ווינט איז איהר געשטאַנען טרעהרען אין די אויגען. זי האָט זיך באַלד גענומען אויסטהון און אָפטרייסלען פון זיך דעם שניי.

— אין דרויסען, — זאָגט זי טרייסלענדיג דאָס שאַלעכעל, — איז אַנ'עבירה אַ משוגע'נעם הונט אַרויסצולאָזען.

— דערפאַר ביזטו געקומען אַזוי שפעט — זאָגט ברכה איראָניש, העלפענדיג רייזלען אַראָפּ שלעפען דאָס מענטעלע, — דאָס האַרץ האָט מיר אַזוי געזאָגט... איך זיץ און זיץ, וואַרט און וואַרט. עס זאָל דאָס עמיצער אַ נאָז אַריין שטעקען... איך האָב געמיינט, מיינע שונאים, איך ווער משוגע.. איין אָבענד, ווי דער יודישער גלות... איך האָב גאָרניט געוואוסט, וואָס איבער צו טראַכטען... איך האָב געמיינט, אַז דו ביזט אין טהעאַטער געגאַנגען... אין די פיס איז דיר ניט קאַלט? — פרעגט זי איהר מיט אַמאָל, — נעם טהו אויס די שיך און זעץ זיך, ביים קעסעלע, וועסט זיך מחיה זיין, איך וועל דערוויילע אָנוואַרימען די וועטשערע.

רייזעל האָט דורכגעפיהרט איהרע הענד איבער איהרע פייכטע האָר, האָט נאָכהער צוגעשלעפט צום קעסעלע ביידע בענקלעך, האָט זיך אויף איינעם אוועקגע־זעצט און אָן געשפאַרט זיך מיט די פלייצעס אָן ווענטעל, און אויפ'ן צווייטען האָט זי אויסגעצויגען די פיס אַנטקעגען קעסעלע. ברכה האָט אוועקגעשטעלט דאָס טעפּעל צו וואַרעמען.

עס איז געוואָרען שטיל. ברכה האָט זיך פאַ־טראַכט אויפ'ן טעפיל, רייזעל — אויף דעם פייער.

ברכה רייסט איבער די שטילקייט מיט אַ זיפץ.

רייזעל וואַרפט אויף איהר אַ רחמנות'דיגען בליק.

עס איז ווידער שטיל. רייזעל פאַרוואַרפט דעם קאָפּ אויף דעם וועגטיל פונ'ם בענקעל און פאַרטראַכט זיך אויף דער סטעליע...

— שלאָפסט, רייזעל? — פרעגט איהר ברכה — וועסט זיך נאך חלילה די פיס אָפּשרפה'ן.

— ניין... ענטפערט איהר רייזעל, ניט ריהרענדיג זיך.

א טויטע שטילקייט צוגיעסט זיך ווידער אין אַלע ווינקלעך און רייזעל מיט ברכה'ן קאטשען זיך אין איהרע חוואליעס ווי צוויי שיפלעך, וואס דער ווינט האט זיי צעשיידט און פאַרטראָגען וויים, ווייט איינע פון דער צווייטער, אז ס'איז גאר קיין האָפנונג ניטאָ, אַז זיי זאָלען זיך ווען ווידער צוזאַמען טרעפען.

— זעה נור אַ מין זיצען! — האַלט ברכה אויף לעצט ניט אויס, זעהענדיג, ווי זי האַלט אַלס דעם קאָפּ פאַרוואָרפען, — ווערסט דאָך צו בראָכען... ביזט מיער? אָט וועלען מיר אָפּעסען וועטשערע וועלען מיר זיך געהן לעגען. האָרעוועסט זיך אָן — דאַרפסטו זעהען קומען באַלד אַהיים. ניט דאַרטען, דער גוטער יאָהר ווייס דיר וואו... דערנאָך קענסטו דעם קאָפּ ניט אויפהויבען... הייגט האָסטו זיך פאַרשפעטיגט... ווער... וואס... ווען... מען קומט אַהיים, מען עסט אָפּ און מען לעגט זיך אָפּרוהען.

ברכה'ס ווערטער זענען ווי שראָט אין רייזעל'ס האַרצען געפלויגען. עס האָט איהר גענומען אַזוי דאָס האַרץ צו קלאַפּען... און מיט אַמאָל האָט זי דערזעהען די פאַבריק און דעם בעל-הבית זוהן נעבען זיך... זי האָט אויף געהויבען דעם קאָפּ און האָט אויף דער מוטער אַ פראַגע-בליק אַ וואָרף געטהון. ווייסט זי שוין עפּעס, צו ניט?... און עס פאַלט איהר אַריין אַ געדאַנק, אז זי זאָל דערצעהלען דער מוטער פון אָנהויב ביז'ן סוף... ווי ער פלעגט זי אָפּט אַוועקרייסען פון דער אַ-בייט... פאַרלענגען איהר הימעלשע גליקען... ווי זי האָט איהם פון זיך אָפּגעשטופּט און ווי ער האָט זי מיט זיסע רייד בעשאָטען... ביז ער האָט זי מיט כח אַרומגענומען און געדריקט צו זיך, אַז איהר איז שיער די כחות אויסגעגאַנגען פון זיינע גליהענדע קושען... ביז זי איז אָנמאַכט אונטער זיינע הענד געבליעבען...

ביי איהר וועט אָבער אַזוי פיעל מוטה ניט חאַפּען דער מוטער אַלעס איבער־געבען... און טראַכטענדיג וועגען דעם שלאָגט איהר דאָס בלוט אין פנים, אין די אויגען שטעלען זיך טרעהרען און דער קאָפּ הייבט זיך איהר אָן צו דרעהען...

— עס איז מיר עפּעס שווער דעם קאָפּ צו האַלטען, — האָט זי דער מוטער אויף לעצט געענטפערט.

ביי ברכה'ן האָט זיך עפּעס ווי אין האַרצען אָפּגעריסען. פאַר די אויגען איז איהר עפּעס ווי אַ שוואַרצער שאָטען דורך געפלויגען, ווידער דערזעהען די גע־שטאָרבענע טאָכטער... זי האָט זיך אויפגעהויבען פונ'ם בענקעלע, צוגעגאַנגען צו רייזלען, אַרויף געלעגט די האַנד איהר אויפ'ן שטערען און זיך עטוואס פאַרטראַכט.

— אין קאָפּ האָסטו גאָר ניט, — האָט זי אַרויסגעזאָגט אין אַ פּאָר מינוט אַרום, ניט אַראָפּנעמענדיג די האַנד פונ'ם שטערען און אַריינקוקענדיג איהר אין פנים...

— עס איז מיר גאָר ניט... — האָט רייזעל געזאָגט ווייך און דערביי פאַמע־לעכען אַראָפּגענומען דער מוטערס האַנד פונ'ם שטערען.

חאָטש איהר האָט גאָר ניט וועה געטהון, דאָך האָט זי זיך געפיהלט געפּעהר־ליך. פאַר די אויגען איז איהר געפלויגען די פאַבריק, דעם בעל-הבית זוהן, — די מיידלעך, וועלכע, דאַכט זיך, לאַכען איהר אויס, ווינקען זיך איבער... דער קאָפּ

דרעהט זיך אידר, עס ווייזט זיך איהר אויס, אַז עס דרעהט זיך די גאַנצע שטוב, זי פליהט אַרויף און אַראָפּ, אָט ווי זי פאַלט ערגעץ טיעף, טיעף...

— דערצעהלען... דערצעהלען... דרעהט זיך איהר אין די געדאַנקען. דער געדאַנק וואַקסט אין איהר פון מינוט צו מינוט. איהר האָט זיך אויסגעוויזען, אַז ווען זי וועט דאָס אַלעס אַרויסגעבען דער מוטער, וועט זי זעהר, אַ שווערען שטיין פון האַרצען אַראָפּקאַטשען... ווי טהוט מען עס אָבער?...

— וואָס ביסטו אַזוי לא עליכם׳דיג? — פרעגט איהר די מוטער.

כ׳ווייס וואָס... גאר ניט... — ענטפערט זי און סטאַרעט זיך דערבײַ אַ פרעה־ליכע מינע צו ווייזען, און דער געדאַנק וועגען דער צעהלען שפרינגט מיט אַמאָל פון איהר אָפּ, ווי אַ קאַץ.

נאָכ׳ן עסען, האָט רייזעל ווידער פאַרוואָרפען דעם קאָפּ אויפ׳ן ווענטעל פונ׳ם בענקעל, און ווידער געקלערט וועגען דערצעהלען, ביז זי איז אַזוי אַנדרימעלט גע־וואָרען... דאָס קעסעלע איז אָפּגעגאַנגען. ברכה איז געזעסען דערבײַ פערטראַכט און האָט זיך געוואַרעמט. דער ווינט האָט נאָך אַלץ געקלאַפּט אין די לאָדען.

יונה ראזענפעלד.



# פאלעסטינא אלס א לאנד פאר קאלאניזאציע*).

די אידעע צו קאָנצענטרירען די יודישע קאָלאָניזאַציע אין מזרח און פאַר אַלעם אין פאַלעסטינא האָט, ווי עס איז בעוואוסט, פיעלע געגנער. זיי ווייזען־אָן אויף פער־שיעדענע פאָליטישע און ווירטשאַפטליכע שוועריקייטען, וואָס מען קען זיי ניט אָבליי־קענען און וועלכע בעשרענקען טאַקי אין אַ געוויסער מאָס די קאָלאָניזאַציע אין פאַ־לעסטינא. אָבער זייערע הויפּט־אַרגומענטען זענען געגרינדעט ניט אויף די פאָליטישע אומשטענדען, זיי טרעטען אַרויס געגען ארץ־ישראל פון קאָלאָניזאַציאָנס־שטאַנדפונקט. לויט זייער מיינונג איז פאַלעסטינא גאָר ניט מסוגל צו קאָלאָניזאַציע און טויג פאַר אונז כלל ניט. צוליעב דער טויזענדיעהריגער פערנאַכלעסיגונג און שלעכטער ווירטשאַפט איז דאָס לאַנד געקומען צו אַזאַ שטאַנד, אַז עס איז קיין האָפנונג ניטאָ דאָס אויסצובעסע־רען. כמעט אַלע וועלדער זענען אויסגעהאַקט, און דורך דעם האָט זיך געענדערט דאָס קלימאַט פון לאַנד. די ווינטערדיגע גוס־רעגענס האָבען אָבגעוואַשען דעם דינעם ערד־פאַך פון די אַזוי אויך מאָגערע און אונפרוכטבאַרע זייטען פון די בערג, דען עס זענען שוין ניט געווען קיין וועלדער, וואָס וואָלטען קענען פערפעסטיגען מיט זייערע וואָרצלען

*) אויס Altneuland העפט I 1904.

די ערד, ווי אויך איינהאַלטען דעם האַסטיגען לויף פֿון די וואַסערשטראָמען. עס פֿעה־לען טייכען און קינסטליכע קאַנאַלען צו רעגולירען די בעוועסערונג פֿון לאַנד און אָב־צוציהען דאָס איבעריגע וואַסער, דעריבער זענען די טהאָלען געוואָרען זומפּיג און האָבען זיך פֿערוואַנדעלט אין עכטע נעסטען פֿון די שעדליכסטע פֿיעבערמיאַזמען. צו דעם אַלעם איז דאָס לאַנד שרעקליך ענג בעפֿעלקערט. עס איז אַלזאָ קיין האָפֿנונג פֿאַראַן, אַז די לאַגע זאָל זיך פֿערבעסערן, סיידען מען זאָל פֿריהער צעהנדלינגער יאָהרען פֿיה־רען אַ שטאַרקע און סיסטעמאַטישע סאַניערונגס אַרבייט, ד. ה. רייניגען, טריקענען און פֿערבעסערן דאָס לאַנד, פֿעררניכטען דערמיט די זינד פֿון פֿאָריגער צייט און בעשאַפֿען גרונדלאַגען פֿאַר אַ שפּעטערער קאָלאָניזאַציע. סאַניערונגס אַרבייט פֿאָדערט אָבער אונ־געהייערע סומען, און עס לוינט ניט פֿאַר פּריוואַט־מענשען, געזעלשאַפֿטען און פֿעראיי־נען, וואָס בעזיצען ניט קיין דויערנדע רעגיערונגסמאַכט איבער די לענדער און קיין גרוי־סע קאַפּיטאַלען, צו פֿיהרען אַ קאָלאָניזאַציע אין ארץ־ישראל און אין די שכנות־לענ־דער. דאָס וואָלט געהייסען לעגען דאָס לעבעדיגע אויף דאָס טויטע, וועהרענד מיט'ן זעלבען קאַפּיטאַל קען מען דערגרייכען צו גאַנץ אַנדערע רעזולטאַטען אין אַרגענטינא, קאַנאַדא און אפילו אין רוסלאַנד זעלבסט.

אונזערע געגנער שטעלען אַרויס דיזע אַרגומענטען געגען גאַנצען מזרח. וואָס אַנבעלאַנגט צו פּאַלעסטינא זעלבסט, איז דאָס לאַנד, זאָגען זיי, צו קליין און בערגיג דערצו, אַז עס זאָל קענען אַריינגעהמען אויף וועלכער אַרט עס איז עפּעס אַ וויכטיגע צאָהל קאָלאָניסטען. אויך בנוגע צום קלימאַט געפֿינט זיך פּאַלעסטינא אין בעזונדערע, אונגינסטיגע בעדינגונגען אין פֿערגלייך מיט די איבעריגע לענדער פֿון מזרח.

די אַלע טענות זענען אַזוי וויכטיג, אַז זיי צווינגען נאָהענט צו בעטראַכטען די גרונדלאַגען, אויף וועלכע מען מוז פֿיהרען אין פּאַלעסטינא און איהרע שכנות־לענדער אַ קאָלאָניזאַציע, אַלץ איינס צי אַ אויסערליכע אָדער אַ אינערליכע, ד. ה. סיי די קאָ־לאָניסטען זענען אָנגעפֿאָהרענע, סיי זיי בעשטעהען פֿון שטאָדטוואָהנער פֿון ארץ־ישראל זעלבסט. דען צו וואָס נוצט די אינטענסיווסטע און געטרייעסטע אַרבייט, ווען עס איז ניט פֿעסטגעשטעלט די ריכטיגקייט פֿון די האָפֿנונגען, וואָס זענען מיט איהר געבונדען?

מיר וועלען זיך איצט בעשעפֿטיגען מיט די געאָגראַפֿישע גרונדלאַגען און מיט דער פֿעהיגקייט פֿון די מזרח־לענדער צו ווירטשאַפֿטליכער ענטוויקלונג; דערביי וועלען מיר בעטראַכטען די וויכטיגסטע פֿאַקטאָרען, נעמליך: די געאָגראַפֿישע לאַגע, די גרייס, די צוגענגליכקייט, די איינגעשאַפֿטען פֿון באָדען, די קלימאַטישע בעדינגונגען און די ערטליכע נאַטור־אוצרות.

זעלבסטפֿערשטענדליך, אַז אין אַ קליינעם אַרטיקעל קענען מיר ניט אויספֿיהרליך בעטראַכטען די אַלע, זעהר ניט איינפֿאַכע, פֿראַגען. אָבער דער רוב לעזער נייטיגט זיך ווייניגסטענס אין אַן אַלגעמיינער בעקאַנטשאַפֿט מיט ארץ־ישראל און איהרע שכנות־לענדער, דען ניט אַכטענדיג דערויף, וואָס די געלעהרטע האָבען אין די לעצטע יאָהרען זיך בעקענט גאַנץ ברייט און טיעף מיט דיזע לענדער, הערשען אין גרויסען פּובליקום נאָך איצט אויך צום ערשטוינען ווילדע, פֿערקעהרטע פֿאָרשטעלונגען איבער פּאַלעסטי־נא. איינע פֿון די אורזאַכען דערפֿון איז דאָס, וואָס צוליעב די שלעכטע וועגען אין פּאַ־לעסטינא בעגנוגען זיך די רייזענדע, וועלכע פֿערברענגען נאָך דערצו אַ קליינע צייט אין לאַנד, מיט'ן וועג צווישען יפו און ירושלים; העכסטענס בעזוכען זיי נאָך יריחו און בית־

לחם. זיי קענען גאָר דערום ניט זעהן די בעסערע טיילען פון לאַנד, און אויפ'ן וועג קיין יריחו וואַרפט זיך זיי נאָך אין די אויגען די אונפרוכטבאַרע מדבר יהודה, וואָס פערנעהמט זעהר א קליינעם טייל פון פאַלעסטינא. אויך געבען זיך די רייזענדע זעלטען מיה צו בעטראַכטען די שען-איינגעאָרדענטע קאָלאָניעס ביי יפו, ווי אויך דעם גאָרטען פון „האָטעל די פארק" אין יפו, פונ'ם באַלטישען באַראָן אוסטינאָוו און וועלכער איז דער איינציגער אָרט, וואָס קען געבען אַ בעגריף פון דער וואונדער-שענער ערטליכער פלאָרע (פלאַנצענוועלט); רעכנען זיי פאַר אַנ'אַאזע, וואָס איז מיט גרויסער מיה און קאָסטען בעשאַפען אין דער מדבר; אין דער ווירקליכקייט אָבער איז עס ניט מעהר, אַלס א קליינער פערזוכסגאָרטען, וואָס בעוויזט, אז מען קען מיט וועניג מיה אויפציהען אי דעם געבענשטען קלימאַט די שענסטע טראָפּישע געוויקסען.

מיר וועלען אָנהויבען פון דער אָרטלאַגע און פון אויסערליכען אויסזעהן. פאַלעסטינא איז אַ גרעסטענטיילס בערגיגעס לאַנד מיט אַ גרויסער און העכסט פרוכטבאַרער עבענע, וועלכער איז בעקאַנט אונטערן נאָמען „עמק השרון" און „שפלה", און האַלט 165 קילאָמעטער [1] אין דער לענג און דורכשניטליך 15 אין דער ברייט. די עבענע ענדיגט זיך ביי צפון פאַלעסטינא, דערפאַר ציהען זיך פון דאָרטען טיעף אין לאַנד פיעלע עבענען, פון וועלכע עמק יזרעאל און עמק זבולון זענען בעריהמט דורך זייער פרוכטבאַרקייט. אויך דער בערגיגער טייל פון לאַנד ענטהאַלט פיעלע גאַנץ ברייטע און פרוכטבאַרע טאָלען און איז דורכגעשניטען אויף זיין גאַנצער לענג דורך אַ טיעפען טאָל, וואו אין צפון געפינען זיך די מי-מירום און ים-הכנרת, אין מיטעלסטען, גרעסערן טייל — דער עמק-הירדן און אין דרום — דער ים-המלח, וואָס זיין אויבערפלעכע ליעגט ניעדריגער פון מיטעלענדישען מעער כמעט אויף 400 מעטער [2].

אויף דער לאַנדקאַרטע איז צו זעהען, אז דאָס לאַנד ציהט זיך פון צפון קיין דרום, אויסגעשטרעקט אין דער לענג אויפ'ן מזרח'ברעג פון מיטעלענדישען מעער. דאָס האָט אַ גרויסען ווערט, דען חאָטש דער ברעג פון ים האָט וועניג בוכטען און דאַדורך פעהלען נאַטירליכע האַפען, קען מען אָבער אויסבעסערן אָהן גרויסער מיה די האַפען פון יפו און חיפה און אויסערדעם פערבינדען דעם ברעגפאַס דורך אַנ'אייזענבאַהנליניע מיט אַזעלכע וויכטיגע פונקטען, ווי פאָרט-סאַאיד און ביירוט, און דערמיט פערגרעסערן די צוגענגליכקייט, וואָס עקזעסטירט איצט.

די גרייס פון ארץ-ישראל איז 29,000 קוואַדראַטע קילאָמעטער, ד. ה. כמעט אַזוי פיעל, ווי די דייטשע פראָווינץ פאָזען [3]. נור וועהרענד פאָזען האָט 2 מיליאָן איינוואָהנער, איז די בעפעלקערונג פון ארץ-ישראל ניט גרעסער אַלס 600,000, אַזוי אַז אויף אַ קוואַדר. קילאָמעטער קומט אויס אין פאַלעסטינאַ ניט מעהר פון 21 מענשען. אַלזאָ קען ארץ-ישראל אַריינגעהמען נאָך $1\frac{1}{2}$ מיליאָן, אום צו דערגרייכען צו דער בעפעלקערונג פון פאָזען, אָדער נאָך $2\frac{1}{2}$ מיליאָן, אום צו זיין בעפעלקערט אַזוי געדיכט, ווי דייטשלאַנד, אין וועלכער עס וואָהנען דורכשניטליך 105 מענשען אויף אַ קוו. קיל.

[1] אַ קילאָמעטער איז עטוואָס וועניגער אַלס אַ ווערסט.

[2] אַ מעטער — 22 ווערשקעס.

[3] אָדער ווי בעלגיע.

די שכנות־לענדער פון פּאַלעסטינאַ געבען גאַנץ אַנדערע צאָהלען:

| | | | | | | |
|---|---|---|---|---|---|---|
| סיריען [1] | האָט, ביי | 282.000 | קוו. ק"מ. | 3,2 | מיליאָן איינוואָהנער, ד. ה. | 11,4 מענשען אויף אַ קוו. ק"מ. |
| מעסאָפּאָטאַמיען | " | 340.000 | " | 1,65 | " " | 5 " " " |
| קליינאַזיען | " | 515.000 | " | 8,4 | " " | 16 " " " |
| ציפּערן | " | 9.000 | " | 0,23 | " " | 24,7 " " " |

רעכנענדיג די דייטשע בעפעלקערונג פאַר אַ נאָרמאַלע, זעהען מיר, אַז אין די מזרח־לענדער איז נאָך פאַראַן פּלאַץ: אין סיריען — פאַר 18.200.000 נפשות, אין מעסאָפּ. — פאַר 34.700.000, אין קליינאַזיען — פאַר 45.600.000, אין ציפּערן — פאַר 700.000, צוזאַמען — נאָהענט צו 100.000.000 נפשות.

זעלבסטפערשטענדליך, אַז ביי 105 מענשען אויף אַ קוו. ק"מ. (די דורכשניטליכע צאָהל פון דייטשלאַנד) מוז דאָס לאַנד האָבען אָדער אַ שטאַרקע אינדוסטריע, אָדער אַ אינטענסיווע (טיעף געפיהרטע) לאַנד־ווירטשאַפט. ביי גאַרטענקולטור קענען פון איין קוו. ק"מ. לעבען נאָך מעהר פון 105 מענשען, ווי צום ביישפּיעל אין יאַפּאַניען און חינאַ, וואו אין די פרוכטבאַרע ערטער לעבט אַ גאַנצע פאַמיליע (פון 5 פּערזאָן) פון 1 מאָרג (1/4 העקטאַר), אַלזאָ — 2.000 מאַן פון איין קוו. ק"מ. צו גאַרטענקולטור קען געבראַוכט ווערען נור אַ געוויסער טהייל פון לאַנד, אָבער ביי'ם קלימאַט פון פּאַלעסטינאַ קען מען דערצו געבראַוכען אַלע עבענען פון לאַנד מיט דער בעדינגונג אַז מען זאָל קינסטליך זיי צובריינגען וואַסער.

דאָס ביישפּיעל פון לבנון ווייזט, אַז אפילו די בערגיגע ערטער קען מען אין טעראַסען פערוואַנדלען און, דאַנקען דעם קלימאַט פון א"י, געבראַוכען צו גאַרטענקולטור. האָטש דאָס לאַנד איז בערגיג און די ערד ניט זעהר גוט, וואָהנען דאָרט שוין 327.000 מענשען אויף 5.700 קוו. ק"מ., ד. ה. 57 מענשען אויף איין קוו. ק"מ. און מערקווירדיג — אין לאַנד איז גאָר קיין אינדוסטריע ניטאָ. עס איז קיין ספק ניט, אַז ווען מען וואָלט אין סיריען און פּאַלעסטינאַ אויסבעסערן האָטש אַביסעל די אַדמיניסטראַציע, דאָס רעכט און די וועגען, קען מען לייכט אויפהייבען דאָס לאַנד צו אַזאַ שטאַנד, אין וועלכען לבנון געפינט זיך.

לאָמיר רעכנען, אַז נור אַ פערטעל פון לאַנד, ד. ה. 7.500 קוו. ק"מ., טויג צו גאַרטענקולטור, און אַז אַ פאַמיליע מוז האָבען 5 העקטאַר, ווי מיר זעהען ביי די יודישע קאָלאָניסטען, וואָס בעאַרבייטען וויינגערטנער, קען דאָס גאַרטענלאַנד אַליין אַריינעהמען 150.000 פאַמיליען, ד. ה. 750.000 נפשות. ביי אַזאַ צאָהל בויערן קען דאָס שטיק לאַנד אַריינעהמען פּונקט נאָך אַזוי פיעל האַנדווערקער, לעהרער, אַרבייטער, האַנדעלסלייט, בעאַמטע, א. ד. ג. קען אַלזאָ דאָס גאַרטענלאַנד פון פּאַלעסטינאַ אַריינעהמען 1½ מיליאָן מענשען. זאָל זיין, אַז דאָס איבריגע לאַנד קען אַריינלאָזען נור אַ דריטעל דערפון, ד. ה. אַז פון יענער ערד מוז יעדער בויער האָבען 15 העקטאַר, וועלען די 3/4 פון לאַנד אַריינעהמען 1½ מיליאָן מענשען, וואָס וואָלטען קענען זיך בעשעפטיגען מיט איילקולטורען, באָקסאָרען א. ז. וו.

מיר זעהען דערפון, אַז אַפילו אָהן אינדוסטריע קען פּאַלעסטינאַ אַריינעהמען פיעל מעהר יודען, אַלס די צאָהל, וואָס געפינט זיך אין די שטעדט פון א"י. ביי אינדוסטריע פערשטעהט זיך, קען מען אַריינפיהרען פיעל מעהר עמיגראַנטען, בעלגיע

[1]) צוזאַמען מיט א"י.

איז ניט גרעסער פון פאַלעסטינאַ, און דאָך ערנעהרט דאָס לאַנד אָהן שוועריקייטען 7 מיליאָן מענשען. אמת, מען קען ניט פאַראויסזאָגען, אויב אין פאַלעסטינאַ וועט זיין אַמאָל אַזאַ אינדוסטריע, ווי אין בעלגיען, מען דאַרף אָבער ניט פערגעסען, אַז א״י ענטהאַלט אין זיך גאַנצע אוצרות פון פאָספאָר, שוועבעל, אַספאַלט, זאַלץ און מסתמא פעטראָלעאום, און אין ים־המלח געפינט זיך פיעל קאַלי און בראָם. אויך איז צו בעמערקען, אַז דער ירדן, אַראָבפאַלענדיג פון באַרג חרמון ביז צו׳ם ים פון 764 מעטער די הויך, ענטוויקעלט דאַדורך אַ גוואַלטיגע, נאָך ניט גענוי אויסגערעכנעטע קראַפט וועלכע קען אויסגענוצט ווערן צו פאַבריקען. דער טייך אוידשאַ ביי יפו גיט יעדע סעקונדע 10 קובישע מעטער וואַסער, און נור אַ קליינער טייל דערפון ווערט אויסגענוצט צו וואַסערמיהלען, מיט איין וואָרט, קראַפט פאַר פאַבריקען פעהלט ניט, די טייכען, נאַפט, אַספאַלט און די אַלע פראָדוקטען, וואָס מען קען פון זיי בעקומען, שטעלען־פאַר אַ גרויסע קראַפט. יעדער עהרליכער פאָרשער וועט דערפון אַרויסזעהען, אַז פאַלעסטינא האָט די מעגליכקייט צו ענטוויקלען אַ בעדייטענדע אינדוסטריע; אָבער ביי דער איצטיגער פאָליטישער און עקאָנאָמישער אָרדנונג אין טערקיי קען מען ווייניג וואָס מאַכען. די טערקישע געזעצען און מנהגים, דער באַקשיש און פאַנאַטיזם מאַכען אַזעלכע בעשווערונגען פאַר דער אינדוסטריע, אַז מען קען געהן פאָראויס נור ביסלעכווייז, מיט קליינע טריט. מען מוז אַלזאָ פריהער פון אַלעם זיך נעהמען צו ד ע ר אַרט קאָלאָניזאַציע, וואָס איז מעגליך שוין איצט, ד. ה. צו לאַנד־ווירטשאַפט און קליינע אינדוסטריע. פון קינסטליכער בעוועסערונג איז דערווייליע ניטאָ וואָס צו רעדען, מוז מען דערום זיך בעשעפטיגען מיט אַזעלכע קולטורען, וואָס קענען זיך בעגנוגען מיט רעגען און ברונען. לאָמיר זעהן, אויב אזא אַגריקולטור קען עקזעסטירען ביי פאַלעסטינישען קלימאַט.

פאַלעסטינא, ווי אַלע לענדער, וואָס ליעגען ביי׳ם מיטלענדישען מעער, איז אַ לאַנד פון ווינטער רעגען. זומער רעגענט אין די עבענען גאָר ניט, אויף די בערג — גאָר ווייניג און אונרעגעלמעסיג. פון מאַי ביז אָקטאָבער איז אויפ׳ן הימעל קיין וואָלקענדיל צו זעהן, און דער שוואַכער טהוי גיט ווייניג פייכטקייט. דאָך איז די סומע פון רעגענוואַסער דורכ׳ן יאָהר דאָרט גרעסער, אַלס אין דייטשלאַנד. ווי דער געלעהרטער שאַרל וואַררעק האָט אויסגערעכענט, פאַלט־אויס אין על־אַריש, נעבען דער האַלבאינזעל סיני, דורכ׳ן יאָהר 300 מילימעטער רעגען, אין עזה 440 מל״מ.

| | | | |
|---|---|---|---|
| נעבען ירושלים, | נאָכ׳ן דורכשניט פון 39 | יאָהר, | 662 מל״מ. |
| „ יפו, | „ „ „ 9 | „ | 558 „ |
| „ חיפה | „ „ „ 16 | „ | 705 „ |
| „ נצרת | „ „ „ 10 | „ | 612 „ |
| „ טבריא | „ „ „ 10 | „ | 528 „ |
| קאַסיער אַם חרמון | „ „ „ 2 | „ | 1020 „ |

מיט איין וואָרט, נור עזה בעקומט רעגען אַביסעל ווייניגער פון דייטשלאַנד, אַלע אַנדערע לענדער בעקומען מעהר און לבנון, אויף דער גרעניץ פון פאַלעסטינא — 2 מאָל אַזוי פיעל ווי דייטשלאַנד. ביי אַזאַ איינטיילונג פון רעגענוואַסער קען מען זעהען נור אַזעלכע געוואוקסען, וואָס נויטיגען זיך ניט אין רעגען פון מאַי אָן. דער ווינטער איז רעגענדיג און ניט קאַלט, דערום וואַקסען גוט גערשטען און ווייץ.

אויך קען מען זעהען אין דער צייט דורא (אַ סאָרט הירזש), ווייסע אַרבעס, לינזען, סעזאם, טאַבאַק, לופין און אַנדערע.

די גערטענישען זענען פערשיעדען; דאָס ווענדט זיך דערין, אויב די שפעטע רעגענס אין מערץ און אפריל זענען גענוגע. אַז אין גוטע יאָהרען זענען די גערטענישען גאַנץ פיין, זעהט מען פון די געדרוקטע אין דער דייטשער „קאָלאָניאַלצייטונג" (דעם 20-טען מערץ 1902) אנגאַבען פון בירגערמייסטער פון דער דייטשער קאָלאָניע סאַראָנאַ נעבען יפו. אין דער קאָלאָניע בעקומט מען פון איין העקטאַר: ווייץ — פון 2,500 ביז 3,000 קילאָגראַם, גערשטען 2,000—2,500, מאַאיס — 1,500, דורא — 1200—1500, קארטאָפעל — 10,000 קילאָגר.

אַז די תבואה זאָל אין גאַנצען לאַנד ניט געראָטען — אַזא פאַל איז אין א"י שוין לאַנג ניט פאָרגעקומען. עס טרעפט אַמאָל, אַז אין איינצעלנע ערטער בעפאַלען היישעריקען און מאַכען שאָדען, אָבער אַפילו אין 1902-טען יאָהר האָט מען אין יפו בעקומען 70% ווייץ, 40% גערשטען און 20% אָליווענאייל געגען גערטעניש פון אַ גוטען יאָהר. אַז מען זאָל דאַרפען אַריינפיהרען פון דער פרעמד תבואה און גארטענפראָדוקטען, האָט אין די לעצטע צעהנדלינגער יאָהרען אין פאַלעסטינא איבערהויפט ניט געטראָפען, פונקט פערקעהרט. א"י איז דאָך קליין און שוואַך בעפעלקערט; אויסערדעם זענען דאָרט פאַראַן פיעלע קלויסטערס און וואָהלטעטיגע אַנשטאַלטען, וואָס ציהען־צו יאָהר־יעהרליך פיעלע רייזענדער. דאָס לאַנד געברויכט אַלזאָ פיעל שפייז פראָדוקטען, און דאָך פיהרט מען נאָך אַרויס פון א"י פיעלע ערד־פראָדוקטען. אין 1900-טען יאָהר האָט מען פון 4 עקספּאָרטפלעצער פון א"י — פון יפו, חיפה, עכו און עזה עקספּאָרטירט: ווייץ אויף 4,5 מיליאָן פראַנק, גערשטען אויף 2,5 מיליאָן, סעזאַם אויף 1,2 מיליאָן, פּאָמעראַנצען, קולטיווירטע דערהויפט דורך אַראַבער — אויף 2 מיליאָן און ווין פון די יודישע קאָלאָניעס אויף 1,2 מיליאָן. דעם אַרויספיהר פון זייף (אויף $2\frac{1}{2}$ מיליאָן) מעג מען אויך צורעכענען צו לאַנד־ווירטשאַפטליכען עקספּאָרט, ווייל זי ווערט געמאַכט פון אָליווענאייל, וואָס קולטיווירט זיך אין פאַלעסטינא.

פון דיעזע ווענינע ציפערן איז צו זעהן, אַז שוין איצט איז דער אויסלענדישער האַנדעל, דער עקספּאָרט פון א"י זעהר וויכטיג. אַפילו נור מיט די איינינע הויפט־פראדוקטען, וואָס מיר האָבען אָנגערופען, איבערשטייגט א"י דעם גאַנצען עקספּאָרט פוןביידע וויכטיגסטע דייטשע קאָלאָניעס, — מזרח־אַפריקא און קאַמערון צו זאַמענגענומען, וועלכע פערנעהמען $1\frac{1}{2}$ מיליאָן קוו. ק"מ, ביי 10 מיליאָן איינוואָהנער. ד. ה. זיי זענען 50 מאָל גרעסער פון א"י און האָבען 16 מאָל מעהר איינוואָהנער. היינט אויף וויפיעל מאָל וואָלט זיך פערגרעסערט דער עקספּאָרט, ווען דער גאַנצער פרוכטבאַרער ברעג־עבענע וואָלט זיך בעדעקט מיט דערפער און די זאַנפּטע זייטען פון די בערג — בעזעצט געוואָרען מיט אָליווען אָדער אויסגענוצט געוואָרען פאַר אויבסט און געמיזע! דער עקספּאָרט וואָלט זיך ניט נור פערדאָפּעלט, — ער וואָלט זיך פיעלע און פיעלע מאָל פערמעהרט. און דאָס לאַנד, דאַנק דער אויסנוצונג פון אַלע זיינע מעלות, וואָלט געקענט ערנעהרען אַ פיעל גרעסערע בעפעלקערונג, אַלס די היינטיגע, אַפילו ביי די פּאָליטישע און רעכטליכע פערהעלטניסע, וואָס עקזיסטירען ביי היינטיגען טאָג.

געוויס דארפען מיר ניט פערגעסען, אז דערצו מוז די לאנדווירטשאפט געפיהרט ווערען ניט אזוי פרימיטיו (אלטפרענקיש), ווי ביזהער, ווען מיר זאלען פיהרען אנ־עקסטענסיווע ווידע־ווירטשאפט, ד. ה. ערציהען פיה אויף נאטירליכער פאשע, ניט פערבעסערנדיג די ערד, ניט בעמיסטיגענדיג זי און ניט זייהענדיג קיין גראז, — וואלט א פאמיליע געמוזט האבען פיעל מעהר פון 15 העקטאר. עס איז אבער קיין שום גרונד ניטא צו מיינען, אז עס וועט ניט געלינגען צו פערבעסערען און פערטיעפען די לאנדווירטשאפט אויף א ראציאנאלען אופן. ווען מען וועט מאכען גוטע וועגען, מעגליכסט פאר אייזען־באהנען, און פערגרינגערן דעם צוטרעט צו די וויטע טיילען פון לאנד, גראדע אין דער הינזיכט געפינט זיך א״י אויף דער שוועל פון א נייער צייט. ניט ווייט איז דער טאג, ווען מען וועט זעהן א דאמפף־פערד לויפען דורכ׳ן עמק־הירדן, אינגיכען וועט מען קענען קומען פון חוראן (מערב־זייט פון ירדן) קיין חיפה אין איינינגע שטונדען, און אפשר אין איינינגע יאהרען ארום וועלען מיר קענען פאהרען אין א וואגאן צו די האפען פון רויטען מעער. אבער אויך מיר מוזען זיך ארויסשטעלען אלס מענשען פון דער נייער צייט. מיר מוזען בעווייזען, וואס מיר האבען געלערנט אין די לענדער פון אייראפא און אמעריקא, און פרובען געפינען די ריכטיגע וועגען פון ענטוויקלונג אויך פאר די מזרח־לענדער. זעלבסט־פערשטענדליך, אז מיר דארפען ניט איינפאך אריבערטראגען אהין די אלטע מעטאדען און וועגען, וועלכע מען קען אין מזרח אם מייסטען ניט אויסנוצען אהן געוויסע שטערונגען, איבער די ספעציעלע, ערטליכע איינגעשאפטען און פערהעלטניסע, ניין, אונזער אויפגאבע איז—צו בעשאפען א נייע קולטור אין מזרח, איבער צו ארבייטען די ערוועֶרבונגען און ערפינדונגען פון די אייראפעאישע פעלקער אזוי, אז זיי זאלען קענען אנגעווענדט ווערן אין די מזרח־לענדער, צוליעב וואס מיר דארפען זיך בעמיהען אויסצוגעפינען די פארם, וועלכע ווערט געפאדערט דורך די בעזונדערע ערטליכע בעדינגונגען.

נאטירליך, קענען מיר פון אייראפא נור פיהרען און אונטערשטיצען די ארבייט, אבער די ארבייט זעלבסט מוז פארקומען אין פאלעסטינא. צו די אלע נייטיגע פראבען, צו דער אויסארבייטונג פון מעטאדען און וועגען מוזען מיר האבען אין מזרח ווירט־שאפטליכע פונקטען, אויף וועלכע מיר זאלען זיך שטיצען. אונזער ארבייט אין דער נעהנטסטער צוקונפט מוז זיין — צו גרינדען אין פאלעסטינא ווירטשאפטליכע און טעכנישע פערזוכסטאנציעס. דאס איז דער וועג צו׳ם זיעג.

פראפ. דר. א. ווארבורג.





# דער עקאנאמישער צושטאנד פון די רוסישע יודען.

I.

די רוסישע פֿאָרשטעהער פֿון ,יקוואַ האָבען געטהון אַ גלייכע זאַך: זיי האָבען אַרויסגעגעבען אַ גרויסע אַרבייט איבער'ן עקאָנאָמישען צושטאַנד פֿון די יודען אין רוסלאַנד.[1])

ביז דער לעצטער צייט איז זעהר ווענינ געטהון געוואָרען פֿאַר דער ערפֿאָרשונג פֿון עקאָנאָמישען צושטאַנד פֿון די רוסישע יודען. די איינציגע אַרבייט, וואָס האָט אַ ווערטה, איז די אויספֿאָרשונג פֿון פֿערשטאָרבענעם בליאָך Сравненіе матеріальнаго быта инравственн. состоянія населенія въ чертѣ осѣдлости евреевъ и внѣ ея. С. Петербургъ 1891. דער גרעסטער טייל לעזער קען אָבער צו דעם בוך ניט דערגרייכען, דען עס איז אַרויסגעגעבען געוואָרען אין זעהר אַ קליינער צאָהל עקזעמפּליאַרען. דערצו האָט בליאָכ'ס אַרבייט נאָך אַ גרעסערען פֿעהלער: זי טראָגט אַ פֿערטיידיגונג'ס כאַראַקטער. בליאָך האָט זיך אונטערגענומען אָבצוווענדען די בעשולדיגונגען, וואָס זענען אַרויס-געשטעלט געגען די רוסישע יודען, אַז זיי עקספּלואַטירען די רוסישע בעפֿעלקערונג, און צו בעווייזען, אַז דער עקאָנאָמישער און גייסטיגער שטאַנד פֿון די פּויערן, וואָס בעוואוינען די צענטראַלע גובערניעס, איז פֿיעל ניעדריגער, אַלס דער זעלבער ביי די פּויערן פֿון מערב-רוסלאַנד, וועלכע וואוינען צוזאַמען מיט די יודען.— פֿיעל אינטערעסאַנטע פֿאַקטען איבער דער לאַגע פֿון די יודען גיט אונז אויך דער פּראָפֿעסאָר סובאָטין אין זיין בוך: „Въ чертѣ евр. осѣдлости“ С. Петерб., 1880-1890,

די צוזאַמענשטעלער פֿונ'ם ,זאַמעלבוך" האָבען ניט נור בעאַרבייט דאָס גאַנצע גע-דרוקטע מאַטעריאַל איבער דער לאַגע פֿון יודען אין רוסלאַנד,— זיי האָבען אויך בעקומען אַ מאַסע ידיעות פֿון פֿיעלע קאָרעספּאָנדענטען, וועלכע זיי האָבען געהאַט אין פֿערשיעדענע פּונקטען פֿון דער ,טשערטאַ".

[1]) *„Сборникъ матеріаловъ объ Экономическомъ положеніи евреевъ въ Россіи“ Изд. Евр. Кол. Общ. С. Петерб., 1004.*

דער צוועק פון זאמעלבוך איז געווען, זאגען די רעדאקטארען אין פארוואָרט: „צו גרופירען אלעס, וואס עס וועט געלונגען צו דערוויסען זיך אויפ'ן ארט נופא דורך ערקונדיגטע מענשען און קארעספאנדענטען, צו פעראייניגען און סומירען דאס, וואס עס איז נור מעגליך ארויסצוציהען פון די עקזעסטירענדע מאטעריאלען, — ביי'ם זאמלען די דאטען האט מען זיך קיינע פערטיידיגונגס־ציעלען געשטעלט, די ידיעות זענען ניט פאר אפיציעלע וויראמסטוועס געזאמעלט! די אויספארשונג האט זיך ניט איינגעשלאסען אין א קרייז פון וועלכע עס איז אויסנעהמליכע, ענג פראקטישע אויסזיכטען, איהר ציעל איז געווען—בלויז אביעקטיוו און ווי מעגליך פינקטליכער צו דערגעהן, פון וועלכע עלעמענטען בעשטעהט די קלאסע פון יודען, וואס לעבען דורך דער ארבייט פון אקערבויער, פון האנדווערקער, פון ארבייטער, אין וועלכע בעדינגונגען לעבען זיי, וואס פאר אנ'אנטהייל נעהמען זיי אין פערשידענע פאלקס־ארבייט, מיט וואס און ווי אזוי קומען די עקזעסטירענדע ארגאניזאציעס זיי צו הילף אין זייערע נויטען“

אין דיעזער רעצענזיע וועלען מיר דעם לעזער בעקענען בלויז מיט איין טייל פון זאמעלבוך, נעמליך מיט'ן קאפיטעל „איבער דער יודישער בעפעלקערונג אין רוס־לאנד“. די אבטיילונגען: „לאנדווירטשאפט“, „האנדווערק און גראבע ארבייט“, „פאבריק אינדוסטריע“, „נויט און וואהלטהעטיגקייט“ און „בילדונג“ — וועלען מיר בעטראכטען אין די ווייטערע רעצענזיעס.

די יודישע בעפעלקערונג אין מערב־רוסלאנד. — לויט דער פאלקסצעהלונג פון 1897־טען יאהר, זענען אין דער רוסישער אימפעריע פאראן 5,189,401 יודען, דאס הייסט $4,13^0/_0$ פון דער גאנצער בעפעלקערונג. אין איינ־צעלנען טיילען פון דער אימפעריע איז די יודישע בעפעלקערונג איינגעטיילט פאלגענדערווייזע:

| | די צאהל פון די יודען. | % געגען אלגעמיינ. בעפעלק. |
|---|---|---|
| אייראפעאיש רוסלאנד (אויסער קעניגרייך פוילען) | 3,765,766 | 4,03 |
| קעניגרייך פוילען | 1,316,577 | 14,01 |
| קאווקאז | 58,471 | 0,63 |
| סיביר | 34,477 | 0,60 |
| צענטראל־אזיע | 12,729 | 0,16 |
| אויסערדעם, צווישען דער רוסיש. בעפעלקערונג אין פינלאנד, בוכארא און אנד. | 1,382 | — |

אין די 15 גובערניעס פון דער „טשערטא“ און אין די 10 גוב. פון קעניגרייך פוילען צוזאמען — 4,879,636 יודען, — פערגלייכענדיג דיעזע צאהל מיט דער צאהל פון די יודען אין גאנץ רוסלאנד, זעהען מיר, אז אין דער טשערטא געפינט זיך $939,^0/_0$ פון אלע רוסישע יודען און $95,9^0/_0$ פון די יודען, וואס בעוואוינען אייראפעאיש רוסלאנד.

ווי עס איז בעוואוסט האבען די יודישע האנדווערקער אין 1865־טען יאהר בעקומען דאס רעכט צו וואוינען אין גאנץ רוסלאנד. מיהאט געקענט ערווארטען, אז דאס געזעץ, וואס גיט דער גרעסטער יודישער גרופע דאס רעכט צו בעזעצען זיך אין די צענטראלע גוב., וועט ברענגען צו דער פערגרעסרונג פון דער דארטיגער יודישער

בעפעלקערונג. אין אמת'ן אבער ווייזט־אויף די פאלקסצעהלונג פון 1897־טען יאהר אין די צענטראלע גוב. ארום און ארום 207,706 יודען (ד. ה. 4,1% פון אלע רוסישע יודען און 0,25% פון דער אלגעמיינער בעפעלקערונג פון צענטראל־רוסלאנד). דיזע ערשיינונג איז, לויט מיין מיינונג, העכסט אינטערעסאנט און וועקט געדאנקען איבער דער „ליכטינגער” צוקונפט פאר יודען, ווען די טשערטא וועט אבגעשאפט ווערן. איצט אבער וועלען מיר זיך דערויף ניט אבשטעלען; מיר וועלען זיך דא בעגנוגען מיט דעם אביעקטיווען איבערגעבען פון אינהאלט פון זאמעלביך, אונזער סוביעקטיווע בעטראכטונג וועלען מיר ברענגען צום סוף.

פערגלייכענדיג די צאהל פון יודען אין די 15 גוב. פון דער טשערטא און אין די 10 גוב. פון קעניגרייך פוילען מיט דער אלגעמיינער בעפעלקערונג פון דיעזעלבע גובערניעס, געפינען מיר, אז אין דער טשערטא מאכען די יודען 10,8% פון דער גאנצער בעפעלקערונג און אין אלע 25 גוב.—11,5%. אין די שטעדט אבער פון די 25 גוב. דערגרייכט די צאהל פון יודען ביז 40,9% (די אלגעמיינע שטאדטישע בעפעלקערונג איז 9.307.247, יודען – 3.809.361).

אין בעזונדערע ראיאנען זענען יודען איינגעטיילט פאלגענדערווייזע:

| | יודען | % געגען אלגעמ. בעפעלק. |
|---|---|---|
| צפון־מערב־געגענד | 1.410.001 | 14,4 |
| קעניגרייך פוילען | 1.316.576 | 14,0 |
| דרום־מערב־געגענד | 1.418.279 | 9,8 |
| דרום־געגענד | 729.780 | 8,9 |
| טשערטא (15 גוב.) | 3.558.060 | 10,8 |
| מערב–רוסלאנד (25 נוב.) | 4.874.636 | 11,5 |

פון דער טאבעלע איז צו זעהן, אז אין די ערטער וואו די יודען לעבען שוין לאנג, וואוינען נאך היינט אויך בערך מעהר יודען, אלס אין די ניט־לאנג פערנומענע ערטער. ווי די קארעספאנדענטען פון זאמעלבוך געבען־אן, טיילט זיך איין די יודישע שטאדטישע בעפעלקערונג אויף פאלגענדע ארט:

| | יודען | % געגען אלגעמ. בעפעלק. |
|---|---|---|
| צפון־מערב־געגענד | 1.213.054 | 57,9 |
| קעניגרייך פוילען | 1.106.414 | 40,9 |
| דרום־מערב־געגענד | 978.406 | 38,1 |
| דרום־געגענד | 511.487 | 26,3 |
| טשערטא (15 גוב.) | 2.702.947 | 40,9 |
| מערב־רוסלאנד (25 גוב.) | 3.809.361 | 40,9 |

אין קעניגרייך פוילען, וואו יודען איז ניט פערבאטען צו וואוינען אין די דערפער, געפינט זיך אין די לעצטע א פיעל גרעסערער %, אלס אין די 15 גוב. פון דער טשערטא, וואו יודען זענען אין 1882־טען יאהר ארויסגעטריעבען געווארען פון די דערפער.

די איינטיילונג פון יודען לויט געשלעכט און עלטער.— עס איז בעוואוסט, אז די צאהל פון מענער און פרויען איז, אין אלגעמיין, פון איין גרויס אויף דער גאנצער וועלט.

לויט די דאַטען פון דער פאָלקסצעהלונג פון 1897-טען יאָהר, טיילט זיך איין די גאַנצע בעפעלקערונג פון רוסלאַנד (125.668.190) לויט געשלעכט אויף אזא אַרט: מענער 62.499.719, פרויען 63.168.471, ד. ה. אויף הונדערט פרויען קומט-אויס 98,9 מענער. ביי יודען אָבער אויף הונדערט פרויען פאַלט-אויס אינ-גאַנצען 95,6 מענער. נור צוויי גוב. זענען אין דער הינזיכט אַנ'אויסנאַהם: יעקאַטערינאָסלאַווער און טאַווריער; אין דער ערשטער קומט-אויס אויף 49.409 פרויען 51.327 מענער, אין דער צווייטער אויף 32.245 פרויען 33.880 מענער. דיזע צוויי גובערניעס געהערען אָבער צו יענע, וועלכע זענען אַם וועניגסטען בעוואוינט פון יודען, (אין יעקאַט. גוב. מאַכען די יודען אויס 4,8%, אין טאַווריער — 4,6 % פון דער גאַנצער בעפעלקערונג).

וואָס אַנבעלאַנגט די צענטראַלע גוב., איז דאָרט זעלטען-וואו די צאָהל פון די מענער ביי יודען איז ניט העכער פון דער צאָהל פון די פרויען.

„די אורזאַכען פון דעם אונטערשיעד, לעזען מיר אין זאַמעלבוך, ליעגען אין די סאָציאַל-עקאָנאָמישע בעדינגונגען, ביי וועלכע יודען לעבען אין רוסלאַנד. דער שווערער קאַמפף פאַר'ן לעבען, וועלכען די יודען פיהרען, רופט זיך אָב אויף דער שטערבליכקייט צווישען זיי; אַזוי ווי די מענער שפּיעלען, אייגענטליך, די הויפּט-ראָלע אין דיזען קאַמפף, הערשט צווישען זיי די שטערבליכקייט שטאַרקער, אַלס צווישען די פרויען.

לויט דער פאָלקסצעהלונג פון 1897-טען יאָהר, שטאַרבען בי יודען געגען 100 פרויען 126,4 מענער. דיזע ערשיינונג דאַרף זיך אַרויסווייזען שטאַרקער דאָרט וואו פאַר יודען איז שווערער צו געפינען די נייטיגע לעבענסמיטלען, ד. ה. אין די ערטער, וואו יודען וואוינען שטענדיג. דיזעלבע בעדינגונגען רופען-אַרויס אַ שטאַרקע עמיגראַציע, וועלכע פערטראָגט אויף יענע זייט פון אָקעאַן אַם מייסטען די מענליכע בעפעלקערונג. דאַגעגען אָבער אין די גובערניעס, וואָס געפינען זיך אויסער דער טשערטאַ, אין וועלכע די קאָנקורענץ איז ניט אַזוי שרעקליך גרויס, איז די צאָהל פון מענער ניט נור ניט קלענער, אַלס די צאָהל פון פרויען, נור די ערשטע שטייגט נאָך גאַנץ אָפּט איבער די צווייטע. דיזע גובערניעס דאַרף מען בעטראַכטען אַלס אַ לאַנד פון יודישער אימיגראַציע. נאַטירליך, אימיגרירען אַהער די מעהר טהעטיגע עלעמענטען פון דער בעפעלקערונג, ד. ה. די מענער (זייטע XXIX).

### פערענדערונגען אין דער יודישער בעפעלקערונג.

די פאָלגענדע טאַבעללע שילדערט דעם צוואַקס פון דער יודישער בעפעלקערונג אין רוסלאַנד פון 1881-טען יאָהר ביז 1897.

| ראַיאָנען | 1881-טען | 1897-טען | צוואַקסונג | % פון דער צוואַקסונג. |
|---|---|---|---|---|
| צפון-מערב'דיגער | 1.243.007 | 1.410.001 | +166.994 | +13,4 |
| דרום-מערב'דיגער | 1.215.393 | 1.418.279 | +202.886 | +16,7 |
| דרום'דיגער | 453.765 | 729.780 | +276.015 | +60,9 |
| | 2.912.165 | 3.558.060 | +645.895 | +22,2 |

עס קומט-אויס, אַז וואָס וועניגער דער ראַיאָן איז בעוואוינט פון יודען, אַלץ גרעסער איז דאָרט דער צוואַקס פון דער יודישער בעפעלקערונג.

אין קאָוונער און פּאָדאָליער גוב. איז צו בעמערקען, אַז די יוד. בעפעלק. האָט זיך פערמינדערט פון 1881-טען יאָהר אָן; אין דער ערשטער אויף 57.169 (21,2%). אין דער צווייטער אויף 52.261 (12,5%). די אורזאַכען פון דיעזער ערשיינונג זענען ריין-עקאָנאָמישע. אַמאָלינע יאָהרען איז קאָוונער גוב. געווען בעריהמט דורך איהר אויסערן האַנדעל (מיט פּרייסען), וועלכער איז אין די לעצטע יאָהרען שטאַרק געפאַלען. אין פּאָדאָליער גוב. געפינען זיך די זאַוואָדען אין די דערפער, צו וועלכע יודען האָבען פון 1882-טען יאָהר אָן קיין צוטרעט ניט. ניט האָבענדיג ביי וואָס צו פערדיענען, האָט אַ גרויסע צאָהל עמיגרירט פון דיעזע גובערניעס.

דער היבשער צוואַקס פון יודען אין די דרומדיגע גובערניעס — בעזונדערס אין יעקאַטערינאָסלאַווער (112,9%) און אין טאַווריער (163,6%) — נעמט זיך, אָהן צווייפעל, פון אימיגראַציע אויס אַנדערע גוב. — איבערהויפּט עמיגרירט מען קיין דרום-רוסלאַנד פון די גוב. פּאָדאָליער, וואָהלינער און קיעווער. פון די 68.979 פרעמדע יודען, וואָס האָבען זיך געפינען אין אדעס אין 1892-טען יאָהר — זענען 25.744 (37,3%) געווען פון די ערשטע צוויי גוב. און 13.810 (20,1%) פון קיעווער. אין קעניגרייך פּוילען האָט זיך די יודישע בעפעלקערונג פון 1881-טען ביז 1897-טען יאָהר פערמעהרט אויף 16,1% (יעדעס יאָהר 2,15%). דיעזער פּראָצענט פון דעם צוואַקס נעהמט זיך פון דעם שטאַרקען וואַקסען פון דער בעפעלקערונג בלויז אין צוויי גוב. פון לאַנד — פּעטראָקאָווער — 81,2%, און וואַרשויער — 68,2%. אין אַנדערע פיער גוב. פון פּוילען האָט זיך די יוד. בעפעלקערונג זאָגאָר פערמינדערט (אין סוואַלקער, צום ביישפּיעל, אויף 45,9%). דערפון זעהען מיר, אַז די יודישע בעפעלקערונג וואַקסט אין די צוויי פּוילישע גובערניעס, וואָס זענען אַלס מיטעלפּונקט פון דאָרטיגען האַנדעל און אינדוסטריע. דיעזע צענטרען ציהען צו זיך יודען ניט בלויז פון פּוילען, נור אויך פון אַנדערע גובערניעס פון דער אימפּעריע. אין די דרום-מזרח-גוב., וואו די אינדוסטריע איז ווייניג ענטוויקעלט, פערמינדערט זיך די יודישע בעפעלקערונג דורך עמיגראַציע.

**יודען אין די דערפער, אין די שטעדט און שטעדטליך.** — פּינקטליכע ציפערן צו דער פראַגע וועגען דער איינטיילונג פון יודען אין די דערפער איז ניטאָ, אַ קליינעם בעגריף וועגען דער דערפישער יוד. בעפעלקערונג געבען די ידיעות, וואָס זענען געזאַמעלט געוואָרען אין 1881-טען יאָהר דורך די גובערנסקע קאָמיסיעס איבער דער יודענפראַגע, וועלכע דער גראַף איגנאַטיעוו האָט געגרינדעט אין דער צייט פון די פּאָגראָמען. דיעזע מאַטעריאַלען זענען נאָך דעמאָלט, ווען מ'האָט זיי בעאַרבייט, אַנערקענט געוואָרען אַלס ניט גענוגענדע און ניט אינגאַנצען פּינקטליכע. די ריכטיגסטע ידיעות זענען געזאַמעלט אין 7 גוב. פון דער טשערטאַ. (אין קעניגרייך פּוילען זענען קיין קאָמיסיעס ניט געגרינדעט געוואָרען).

אין די 7 גוב. איז די דערפישע יודישע בעפעלקערונג איינגעטיילט געוואָרען אויף אַזאַ אַרט:

| גובערניעס | די דערפישע בעפעלקערונג אַלגעמיינע | יודישע | % פון יודען געגען אַלג. בעפעלק. |
|---|---|---|---|
| מינסקער | 1.056.917 | 64.548 | 6,2 |
| וויטעבסקער | 827.188 | 16.622 | 2,0 |

| | | | |
|---|---|---|---|
| קיעווער | 1.526.499 | 50.744 | 3,3 |
| וואָהלינער | 1.488.397 | 58.427 | 3,9 |
| פּאָלטאַווער | 1.848.903 | 19.098 | 1,0 |
| חערסאָנער | 1.028.110 | 34.730 | 3,4 |
| בעסאַראַביער | 1.009.369 | 37.110 | 3,7 |

אַלזאָ, האָט אין אָנהויב פון די 80-נער יאָהרען די דערפישע יוד. בעפעלקערונג אין 7 גוב. פון דער טשערטאַ ענטהאַלטען אַ'ערך פון 1 ביז 6,2 פּראָצענט. אויב מיר וועלען נעהמען אַלע 15 גוב. פון דער טשערטאַ, בעקומען מיר אַזאַ רעזולטאַט:

אין די דערפישע ערטער איז געווען יודען:

ווייניגער אַלס 1% פון דער גאַנצער בעפעלקערונג אין 17 אויעזדען,
פון 1% ביז 5% " " " 106 "
" 5% " 10% " " " 28 "

די אַלגעמיינע צאָהל פון יודען אין די דערפער פון דער טשערטאַ אין די 80-נער יאָהרען האָט, לויט די דאַטען פון די קאָמיסיעס, דערגרייכט ביז 580,285. די ציפער קען מען רעכנען פאַר אַ גוזמא. פון דעמאַלט־אָן האָבען מאַסען יודען גע־מוזט זיך אַרויסציהען פון די דערפער. אלזאָ איז פאַר א־צטינער צייט אָט די־זע ציפער געווים צו גרויס. ווענען יודען אין פוילען האָט מען אין 1881-טען יאָהר קיינע ידיעות געזאַמעלט.

לויט די דאַטען, וואָס זענען געזאַמעלט געוואָרען אין 893 -טען יאָהר, האָבען אין די דערפער פון פוילען געוואוינט 13,5% פון א־ע פוילישע יודען. נעהמענדיג די גרעסטע ציפער, קאָן מען נאָכגעבען, אַז אין די 25 גוב. פון מערב־רוסלאַנד וואוינען אין די דערפער 15% פון אַלע יודען, וואָס געפינען זיך אין דיזע גובערניעס, ד. ה. 700.000. די איבעריגע מאַסע — 4.200.000 — איז איינגעשפערט אין די שטעדט און שטעדטליך, ניט האָבענדיג דאָס רעכט איבער־צוציען אין די דערפער. די שטעדט, אלס צענטרען פון האנדעל און אינדוסטריע, ציהען צו זיך די יודען מעהר, אַלס די שטעדטליך.

די בעציעהונג פון יודען צו דער אַלגעמיינער בעפעלקערונג אין די שטעדט איז פאָלגענדע:

די צאָהל פון די שטעדט, וואו עס געפינט זיך יודען:

| ראַיאָנען | העכער 80% | 70—80% | 60—70% | 50—60% | 40—50% |
|---|---|---|---|---|---|
| צפון־מערבישער | 2 | 7 | 19 | 17 | 6 |
| דרום־מערבישער | 1 | 4 | 6 | 8 | 8 |
| דרומדינער | — | — | 2 | 2 | 1 |
| | 3 | 11 | 27 | 27 | 15 |

| ראַיאָנען | 30—40% | 20—30% | 10—20% | 5—10% | ווייניגער אַלס 5% |
|---|---|---|---|---|---|
| צפון־מערבישער | 2 | 2 | — | — | — |
| דרום־מערבישער | 12 | 14 | 8 | 4 | — |
| דרום־דינער | 4 | 7 | 9 | 6 | 3 |
| | 18 | 23 | 17 | 10 | 3 |

אין צפון־מערב־ראַיאָן זענען אַם מעהרסטען די שטעדט מיט יודישער בעפעלקערונג פון 50 ביז 70%, אין דרום־מערבישען — מיט יוד. בעפעלקערונג פון 20—40%, אין דרומ׳דיגען — מיט יודישער בעפעלקערונג פון 10—20%.

---

די גענבראכטע דאַטען, לעזען מיר אין זאַמעלבוך, געבען אַ מעגליכקייט פעסט־צושטעלען, אַז אין איין טייל פון דער טשערטא — אין צפון־מערב׳דיגען, — בעווענט זיך דאָס לעבען לאַנגזאַם און שטיל, זיין פולס שטעלט זיך אָב, דערפאַר אָבער אין צווייטען — אין דרום־מזרח׳שען, — ענטוויקעלט זיך דאָס לעבען אַלץ מעהר, און זיין פולס קלאַפט שטאַרקער. די מזרח׳שע גובערניעס פון קעניגרייך פוילען, די גוב.: קאָוונער, ווילנער, מינסקער, גראָדנער און פאָדאָליער זענען ניט אימשטאַנד צו בע־פריעדיגען די בעדערפנישען פון זייער יוד. בעפעלקערונג. די עקאָנאָמישע רעסורסען פון דיזע גובערניעס פאַסען ניט מעהר צו די פאָדערונגען פון זייערע איינוואוינער, וואָס האָבען שוין פון פיעלע יאָהרען דאָרט זיך בעזעצט און קאָנקורירען צווישען זיך אין קאַמפף פאַר דאָס לעבען. דאגעגען אָבער די גוב.: טאַווריער, יעקאַטערינאָס־לאַווער, חערסאָנער און טשערניגאָווער זענען בעוואוינט פון יודען וועניג און ניט פון לאַנג אָן, אין פערגלייך מיט די מערב־גובערניעס; זיי שטייגען זיי איבער אויך מיט זייער רייכקייט און עקאָנאָמישע מיטלען; ווענען אייניגע פון זיי קען מען מיט זיכערהייט זאָגען, אַז זיי געהערט די קינפטיגע שטאַרקע ענטוויקלונג פון האַנדעל און אינדוסטריע. עס ענטדעקט זיך פאַר אונזערע אויגען אַ נאַטירליכע ערשיינונג, וואָס פיעלע פראַקטיקער האָבען זי נעווייס בעמערקט, די אויספאָרשער אָבער האָבען זי ביז איצט ניט איינגעזעהען; נעמליך: אַז פאַקטיש טיילט זיך דער קרייז פון דער טשערטא אויף ראַיאָנען ניט אין דער ריכטונג פון צפון צו דרום, נור פון צפון־מערב צו דרום־מזרח; אַז ביי בעסערע עקאָנאָמישע בעדינגונגען, אין דרום־מזרח, ענטוויקעלט זיך די יודישע בעפעלקערונג לייכטער און געשווינדער, אַלס אין אָרעמערן צפון־מערב. נאָך מעהר, מיר בעמערקען אַ העכסט אינטערעסאַנטע ערשיינונג — אַנ׳איינערע עמיגראַציע פון דער יודישער בעפעלקערונג אין דער טשערטא גופא, דעם איבערגאַנג פון צפון־מערב צו דרום־מזרח. אויבען האָבען מיר געזעהען, ווי איבעראַשענד גרויס איז דער צוּוואַקס פון דער יודישער בעפעלקערונג אין דרום־מזרח פון דער טשערטא; מיר האָבען בעוויזען, אַז די נאַטירליכע פערמעהרונג אַליין קען ניט זיין די איינציגע אורזאַך דערפון — און זי איז עס ווירקליך ניט; זעה׳ר אַ גרויסע ראָלע שפיעלט דערין דער איבערגאַנג פון אַנדערע, מעהר בעוואוינטע, ד. ה. פון די צפון־מערבישע גובערניעס. דאָס לעבען יאָגט די מענשען פון די ערטער, וואו זיי האָבען שוין לאַנג זיך בעזעצט, פון פוילען און ליטא אויף די לינקע זייט פון דניעפער און צו די ברעגען פון שווארצען און אזאָווער ים׳. (זייטע XLV—XLVI).

ב־ז־בנימין.






פֿראַנקפֿורטער אסיפה. לאָנדענער שעלטער. די עקספּעדיציע קיין אוגאַנדא. דזשאַנסטאַנס רעדע. טשעמבערלען. וויען אָדער לאָנדאָן. „נעמען". „נייע טראַדיציעס". tempora mutantur. נייע צייטונגען און זשורנאַלען. רמב"ם.

אנהויב דעצעמבער איז אין פֿראַנקפֿורט אָבגעהאַלטען געוואָרען אַ אַלגעמיינע — אָדער, ווי די איינבערופֿער האָבען זי אנגערופֿען, אַ אינטערנאַציאָנאַלע יודישע אסיפֿה וועגען דער פֿראַגע ווי אַזוי אויסצוהעלפֿען די יודישע עמיגראַנטען און וועגען דער גרינדונג פֿון אַ עמיגראַציאָנס־ביוראָ. די אסיפֿה איז צוזאמענגערופֿען געוואָרען פֿון דעם דייטשען הילפֿס פֿעריין. די לעזער פֿון אונזער זשורנאַל זענען שוין מן הסתם בעקאַנט מיט די החלטות פֿון דיעזער אסיפֿה און ווייסען שוין אודאי, אז אין בערלין האָט זיך שוין אפֿילו געגרינדעט א עמיגראציאָנס ביוראָ. אין אונזער „חראָניק" *), וואו מיר האָבען בעגריסט דעם פֿאָרשלאַג פֿון דעם הילפֿס פֿעריין, האָבען מיר מוסיף געווען: „מיר וואונשען, אַז דאָס ביוראָ זאָל ניט טראָגען דעם האַראקטער פֿון די איבריגע דייטשע פֿעריינען „פֿאַר די רוסישע יודען"... מיר האָבען געוואוסט, ווי שווער עס איז פֿאַר די מערב אייראָפּעאישע יודען עטוואס צו בעשאַפֿען אויף אנדערע, ניט פילאַנטראַפּישע יסודות. דער יסוד פֿון זעלבסטהילף איז זיי גאַנץ פֿרעמד אין זייער עבודת הכלל. זיי קענען ניט פֿערשטעהן, אַז אַם בעסטען זענען פֿעהיג צו ארבייטען די יעניגע, וועלכע זענען טאַקי אַליין פֿעראינטערעסירט אין דער אַרבייט. און אַז די גרעסטע אַרבייט אין כלל זאַכען ווערט זעהר קליין, ווען זי בעקומט אַ פֿילאַנטראָפּישען האַראַקטער. און אויך די פֿראַנקפֿורטער קאָנפֿערענץ האָט זיך געשטעלט אויף דעם פילאַנטראָפּישען פּרינציפּ, זי האָט זיך גענומען ארבייטען „פֿאַר די רוסישע יודען". דאס עמיגראַציאָנס ביוראָ איז איבער געגעבען געוואָרען אין די הענד פֿון מענשען, וואָס זענען ווייט פֿון דער עמיגרירענדער מאַסע און עס געפֿינט זיך אין אַ צענטר, וואָהין מען עמיגרירט ניט און פֿון וואַנען מען עמיגרירט ניט. בקצור, מענשען וואָס זענען פֿרעמד דער עמיגרירענדער מאַסע שטעהן אן דער שפּיצע פֿון דער זאַך. אַזוי נעמט מען זיך ביי אונז צו אזאַ וויכטיגער ארבייט ווי צו דער עמיגראַנטען פֿראַגע — און אליך דערפֿאַר וואס אונזערע כלל טהוער קענען ניט מותר זיין אויף דעם פילאַנטראפישען האַראַקטער אין כלל אַרבייט. און ווי אזוי די עמיגראַנטען ווערען בעהאַנדעלט אין מערב אייראָפּע דורך אונזערע פילאַנטראָפּישע אַנשטאַלטען קענען מיר זעהן אין דעם לאָנדאָנער „שעלטער". דער לאָנדאָנער „שעלטער" איז געגרינדעט געוואָרען אַלס א מין „הכנסת אורחים" פֿאַר די רוסישע עמיגראַנטען, נור עס איז כמעט ניט צו גלויבען, מיט וואָס פֿאַר אַ אכזריות זיי ווערען דאָרט בעהאַנדעלט: מען שלאָגט זיי מכות רצח און דערנאָך נאַרט מען נאָך אויס ביי זיי דאָס געלד און מען וואַרפֿט זיי אַרויס אויף דער גאַס. די לאָנדאָנער יודישע צייטונגען דערצעהלען אלע מאָל הערצרייסענדע געשיכטען וועגען דעם אכזריות, מיט וועלכען דער שעלטער בעגעהט זיך מיט די יודישע עמיגראַנטען; און אין „הצפירה" Nr 260, דערצעהלט דר. י. וואָרטסמאַן, וועל-

*) 4 העפֿט, I יאַהרגאַנג, זייטע 243.

כער איז גוט בעקאַנט מיט די פּאַריאַדקעס פֿון דעם שעלטער, אַז דער שעלטער האט אַ געהיימען קאָנטראַקט מיט ה' דזשעמס לעווע, דעם געוועזענעם סעקרעטאר פֿון דער קאָלאָניאל באַנק, און צווינגט די עמיגראַנטען נאָך מיט שענדליכערע מיטלען, ווי די פּרייסישע רעגירונג טהוט דאָס צוליעב באַלין, אַז זיי זאָלען קויפֿען שיפֿסקאַרטען אין דער קאַנטאָר פֿון לעווע. דער לעצטער האָט אַפֿילו געפּרובט מאַיים זיין דר. וואָרטסמאַנען, אַז ער וועט איהם מאַכען אַ פּראָצעס דערפֿאַר, וואָס ער איז אויף איהם „מוציא דבה“, און האָט געפֿאָדערט, אַז דר. וואָרטסמאַן זאָל זיך אָבזאָגען פֿון זיין בעשולדיגונג. נור אַז ער האָט געזעהן, אַז דאָס העלפֿט ניט, איז ער גאָר אנשוויגען געוואָרען און פֿון אַ פּראָצעס הערט מען עפּיס ניט...

* *

*

די גיכקייט, מיט וועלכער דער הילפֿספֿעריין האט צונויפֿגערופֿען די אסיפה און האט זיך גענומען פאר דער גרינדונג פֿון אַ עמיגראַציאָנס ביורא, האט, ווי עס ווייזט אויס, געווירקט אויף אונזערע אוגאַנדיסטען, זיי זאָלען זיך אויך ענערגישער נעמען צו דער אַרבייט – און די „גרויסע“ עקספּעדיציע, וואָס האָט געזאָלט אָבפֿאָהרען נאָך צוריק מיט $1^1/_2$ יאָהר, איז ענדליך איצט אָבגעפֿאָהרען, האָטש זי איז פֿערקלענערט געוואָרען ביז אויף דריי מיטגלידער. עס פֿערשטעהט זיך, אַז אונזערע אוגאַנדיסטען האָבען ווידער אַ מאָהל אויפֿגעהויבען זייערע קעפּף און זיך גענומען נאָך אַ מאָהל שרייען: „אוגאַנדא!“ און ווייזען אויף דער אָבגעפֿאָרענער עקספּעדיציע, ווי אויף אַ נצחון. נור וואו זעהען דען אונזערע אוגאַנדיסטען ניט קיין „נצחון“? איהר געדענקט נאָך מן הסתם דעם „נצחון“, וואָס האָט אַרויסגערופֿען אַזא פֿרייד ביי די אוגאַנדיסטען, אַז דזשאנסטאַן איז פֿון אַ געגנער געוואָרען אַ פֿריינד פֿון דעם אוגאַנדא פּראָיעקט. דא ניט לאַנג האָט דיעזער נייער אוגאַנדיסט געהאַלטען אַ רעדע אין לאָנדאָן, וואו ער האָט קלאָר אַרויסגעזאָגט זיין שייכות צו דעם אוגאַנדאַ פּראָעקט. און וואָס זאָל איך אים זאָגען, ווען איך וואָלט געוועזען אַ אוגאַנדיסט, וואָלט איך געבעטען „היט אונז אָב גאָטט פֿון אַזוינע פֿריינד!“ נאָך זיין מיינונג נאָך קאָן אוגאַנדא נור אויף דעם תנאי געשענקט ווערען די יודען, ווען די יודען וועלען זיך דאָרט פֿערנעמען נ ו ר מיט ערדאַרבייט — מיט אַנדערע געשעפֿטען וועלען זיי זיך ניט טאָרען פֿערנעמען אין דער „אווטאָנאָמיע“ אוגאַנדא — און טאָמער וועלען זיי זיך פּרופֿען פֿערנעמען מיט אַנדערע זאַכען, האָט ענגלאַנד דאָס רעכט אָבצונעמען די מתנה צוריק. דאָס לאַנד, מיינט דזשאַנסטאַן, דאַרף אָבגעגעבען ווערען די יודען נור אויף אַ פּראָבע אויף 50 יאָהר, און אַז זיי וועלען זיך די 50 יאָהר רעכט אויפֿפֿיהרען, דעמאָלט ערשט וועט דער קאָנטראַקט זיין געשלאָסען. מיט אַנדערע ווערטער הייסט דאָס גיבען ענגלאַנד די מעגליכקייט אין אַ פּאַסענדען מאָמענט, ווען אַלעס וועט שוין זיין אויסגענוצט, צו מאַכען אַ עק מיט דיעזער קינדישער אווטאָנאמיע. דערווייל קאָן אַ יודישער ישוב, וואָס וועט זיך פֿערנמען נ ו ר מיט ערדאַרבייט, ברינגען אַ נייעם מאַרק דער ענגלישער אינדוסטריע און צו בעשאַפֿען ביי זיך אַ נייעם מאַרק פֿאַר איהרע פּראָדוקטען איז פֿאַר ענגלאַנד איצט — ווען אויף דעם וועלט מאַרק האָט זי באקומען געפֿעהרליכע קאָנקורענטען — גאָר קיין שלעכט געשעפֿט ניט. איהר זעהט, ווי דזשאנסטאן האָט אָפֿען אַרויסגעזאָגט וואָס ע ר מיינט מיט אוגאַנדאַ. אונז דאַכט זיך, אַז די אוגאַנדיסטען האָבען זיך גאָר ניט וואָס צו פֿרייען מיט דיעזעם נייען אוגאַנדיסט, און ווען זיי האָבען זיך יאָ דערפֿרייט איבער איהם, בעווייזט דאָס זייער ווייטען קוק.

דאָס זעלבע איז אויך מיט דער עקספּעדיציע. וואָלטען זיך די אוגאַנדיסטען פֿערטראַכט אויף דעם פֿאַקט, וואָס $1^1/_2$ יאָהר שרייט מען וועגען דער עקספּעדיציע און מען האָט ניט געקאָנט געפֿינען 20 טויזענד רובל אויף איהר, וואָס מען האָט געמוזט געפֿונען אַ „נדיב“ ער זאָל שענקען דאָס גאַנצע געלד אויף דער עקספּעדיציע, וואָס נאָך דעם גאַנצען ליאַרם און געשריי האָט זיך דאָס פֿאָלק פֿערהאַלטען גאַנץ גלייכגילטיג צו איהר גורל — דאַן וואָלטען זיי אויך פֿערשטאַנען, אַז אוגאַנדא איז ניט פֿעהיג אַרויסצורופֿען אַ אַקטיווע אַרבייט פֿון דעם גאַנצען פֿאָלק, אַז אוגאַנדא איז ניט אימשטאַנד צו ציהען צו זיך אַ אַקטיווע ה י ס ט אָ ר י ש ע אַרבייט פֿון דעם גאַנצען פֿאָלק — און נ ו ר דורך אַזא אַרבייט קאָנען מיר באַקומען אַ טעריטאָריע וואָס זאָל זיין א ו נ ז ע ר ע. ווען די אוגאַנדיסטען וועלען דאָס פֿערשטעהן, וועלען זיי אויך פֿערשטעהן וואָס הייסט „זוכען“ אַ טעריטאָריע און וואָס פֿאַר אַ ווערט עס האָט זייער „דעמאָקראַטיזם“, דען דער אמת'ער דעמאָקראַטישער געדאַנק קאָן זיך בשום אופן ניט פֿעראייניגען מיט

געזוכטע און געשענקטע טעריטאָריעס, ער פיהרט צו אַ היסטאָריש ערוואָרבענע טעריטאָריע.

באַלד נאָך דזשאַנסטאָן איז אין לאָנדאָנער איסטענד אויפגעטרעטען דער מחבר אַליין פון דעם „גרויסמוטהיגען פאָרשלאַג", טשעמבערלען, מיט פאָלגענדער ערקלערונג: ענגלאַנד וויל און מוז פטור ווערען פון די יודישע איינוואַנדערער; נור פאַר ענגלאַנד פאַסט ניט גלאַט אַזוי צו פערמאַכען די טהירען פאַר די יודישען עמיגראַנטען — האָט ער, טשעמבערלען, דערפאַר געפונען פאַר נייטיג פאָרצושלאַגען זיי אַ באַזונדער פּלאַץ אין מזרח אַפריקאַ. דאָס איז אייגענטליך דער תוכן פון זיין רעדע, וועלכע ערקלערט די אמת'ע סבות פון דעם „גרויסמוטיגען פאָרשלאַג". דערביי האָט אָבער טשעמבערלענס רעדע אַ אַנדערען פּאָזיטיווען ווערט, און פון דיעזער זייט קאָנען מיר טשעמבערלענס רעדע ווירקליך בעטראַכטען אַלס אַ גרויסען ציוניסטישען נצחון. מיר רעדען דאָ פון דעם, וואָס טשעמבערלען האָט אָפען מודה געווען, אַז די יודישע פראַגע קאָן פערענטפערט ווערען נור אויף אַ אייגענער טעריטאָריע. איינע פון אונזערע אויפגאַבעס איז צו צווינגען די אַלגעמיינע עפענטליכע מיינונג אַנצוערקענען, אַז מיר מוזען האָבען אַ באַזונדער לאַנד, אַז נור אויף אַזא אופן קען געלעזט ווערען די יודען פראַגע. און אין טשעמבערלענס רעדע הערען מיר אַ בעדייטענדע שטימע פון דיעזער עפענטליכער מיינונג. אין וואָס מעהר מיר וועלען זאַמלען אונזערע כחות אויף איין בעשטימטען צענטער — און אַזא צענטער קאָן זיין נור פּאַלעסטינא — דאָס וועלען מיר מעהר צווינגען די עפענטליכע מיינונג אַנצוערקענען אונזער רעכט אויף אַ צענטער — אויף אַ יודישער טעריטאָריע.

* *
*

וויען אָדער לאָנדאָן — וואו זאָל זיך געפינען דאָס קליינע אַקציאָנס קאָמיטע? — דיעזע שאלה בעשעפטיגט איצט זעהר שטאַרק אונזערע מערב אייראָפּעאישע ציוניסטען. די דייטשע ציוניסטען און דר. פרידעמאַן, אַלס זייער פאָרעדנער, שטעהן שטאַהל און אייזען פאַר לאָנדאָן און ווי זיי סטאַרען זיך ניט צו פערדעקען דעם פערזענליכען האַראַקטער אין דיעזער שאלה, איז דאָך פאַר זיי דיעזע פראַגע די פראַגע: ווער זאָל שטעהן אן דער שפּיצע פון דער ציוניסטישען בעוועגונג. דר. פרידעמאַן מיינט, אַז דער ציוניזם דאַרף קודם כל האָבען אַ „נאָמען". די מאַסען מיינט דר. פרידעמאַן, ווילען פערקערפּערען זייערע אידעען אויף איין מענשען, זיי מוזען האָבען אַ „נאָמען", ארום וועלכען זיי זאָלען זיך זאַמלען אין קאַמפּף, וועלכער זאָל פאַר זיי בעדייטען די גאַנצע בעוועגונג, — און אַזוינע „נעמען" זעהט דר. פרידעמאַן אין לאָנדאָן, און דערפאַר וויל ער אַהין אַריבער טראָגען דאָס קליינע אַקציאָנס קאָמיטע. פאַר דר. פרידעמאַן איז, ווי עס ווייזט אויס, אַכט יאָהר ציוניסטישער אַרבייט אַריבער אונקענטיג, און דערפאַר איז ער געבליבען ביי דער אַלטער מיינונג, אַז די ציוניסטישע הנהגה מוז זיך געפינען אין די הענד פון אַ איינציגען מענשען; ער מיינט אויך, אַז די מאַסען מוזען האָבען אַ „נאָמען", חאָטש ווען ער וואָלט מעהר קענען די יודישע מאַסען און וואָלט אַ טיעפערען בליק געהאַט, וואָלט ער געזעהן אַז ניט אַ „נאָמען" פעהלט די יודישע מאַסען, נאָר אַרבייט, לעבעדיגע אַרבייט. דר. פרידעמאַן איז אָבער געוואָהנט, ווי זיינע איבריגע חברים אין מערב אייראָפּע, צו קוקען אויף די יודישע מאַסען ווי אויף אַ הערדע, וואָס געהט ניט אָהן אַ פיהרער. נור ווער איז שולדיג אין דיעזער מיינונג זייטענס אונזערע מערב אייראָפּעאישע ציוניסטען, ווען ניט אונזערע אייגענע „פאָלקספערזאָרגער", וועלכע וויינען תמיד אין דעם פאָלקס נאָמען און לויפען אַרום אין אייראָפּע זוכען אַ „פיהרער"? — און דעם יודישען המון דערצעהלען זיי נסים ונפלאות פון די „אויסלענדישע ברודער" — ווער איז שולדיג אין דעם, וואָס די „אויסלענדערשע ברודער" קוקען אויף אונז ווי אויף סאַנטימענטאַלע, פּאָליטישע אונפעהיגע מענשען — ווער איז אין דעם שולדיג, אַז ניט אונזערע אייגענע „פאָרשטעהער"? און אַלס אַזא מין פאָרשטעהער איז אויך אין דער פראַגע: וויען אָדער לאָנדאָן — אַרויסגעטרעטען ה. פאַפערין. ה. פאַפערין איז פאַר וויען, ווייל וויען איז נאָך זיין מיינונג נאָך פאַר דעם פאָלק צוזאַמענגעבונדען מיט דעם ציוניזם. מיט וויען, שרייבט ה. פאַפערין, זענען פאַר דעם פאָלק פאַרבונדען הייליגע טראַדיציעס, און דיעזע טראַדיציעס טאָר מען חו"ח ניט אָנריהרען. אויב ניט מיינט ה. פאַפערין, זענען מיר ניט זיכער מיט דעם גאַנצען ציוניזם, און ווייסט איהר אין וואָס דיעזע שפּאָגעל נייע „טראַדיציעס" בעשטעהען? — אין דעם, וואָס אין וויען האָט גראָד געוואָהנט הערצעל. און ה. פאַפערין מיינט, אַז אין וויען שוועבט הערצלס גייסט, און וואָס פון

וויען וועט אויסגעהען וועט פֿאַר דעם פֿאָלק זיין הייליג. וואָס זאָגט איהר אויף דיעזע נייע „טראַדיציעס? מיר מיינען, אַז הערצעלס גייסט שוועבט ניט נור אין וויען און פֿאַר דעם פֿאָלק איז הערצעלס זכרון אויך ניט אויף דעם מינדעסטען פֿאַרבונדען מיט וויען. הערצעלס זכרון איז פֿערבונדען מיט הערצעלס אַרביט, און זיין אַרבייט ליעגט אויסערהאַלב וויען. און קודם כל מיינען מיר, אַז הערצעלס זכרון איז פֿערבונדען מיט לעבעדיגער אַרבייט און ניט מיט טראַדיציעס פֿון טוידטע קברים און דער ערשטער וועד עס וואָלט פּראָטעסטירט געגען אַזעלכע טראַדיציעס וואָלט געווען הערצעל. מיר האָבען, גאָט זיי דאַנק, גענוג אַלטע טראַדיציעס און אויסצוטראַכטען נייע, כדי צו פֿאַרפֿיהרען מיט זיי דעם המון, איז ניט איצט די צייט... און די הויפּטזאַכע איז ווי דער יודישער המון ווערד דא ארויס געשטעלט ווי אַ סאַנטימענטאַלע יודענע, וואָס לעבט נור מיט איהרע סאַנטימענטען און איז ניט פֿעהיג צו קיין שום לעבענדיגע אַרבייט. עס וואָלט שוין צייט געווען, אַז מען זאָל זיך שוין אויפֿהערען צו רעכענען מיט דעם פֿאָלק, ווי מיט אַ סאַנטימענטאַלע יודענע, מען זאָל זיך שוין אנהויבען מעהר צו רעכענען מיט זיין בעוואוסטזיין. און ווען דאָס בעוואוסטזיין איז נאָך ווירקליך קליין, זאָל מען עס האָטש ניט פֿערדעקען מיט נייע אויסגעטראַכטע פֿאַלשע טראַדיציעס. דערמיט ווילען מיר ניט רעדען געגען וויען אדער פֿאַר לאָנדאָן — דיעזע פֿראַגע אינטערעסירט אונז ניט איצט — פֿאַר אונז שטעהן איצט אויף דער אָרדנונג פֿיעל וויכטיגערע שאלות פֿאַר דעם ציוניזם, מיר פּראָטעסטירען נור געגען דעם, וואָס מען בעטראַכט דעם גאַנצען יודישען המון ווי אַ הערדע שאָף אָדער ווי אַ סענטימענטאַלעס וועזען.

אינטערעסאַנט זענען די נייע „פּראָטעסטען", וואָס דיעזע פּאָלעמיק איבער וויען לאָנדאָן האָט אַרויס גערופֿען צווישען אונזערע בעשטענדיגע „גוואַרדיעציעס".

וואָלט עמיצער צוריק מיט אַ יאָהר-צוויי געפּרובט זיך זאָגען אַ וואָרט געגען וועמען עס איז פֿון די וויענער, וואָלטען איהם אודאי אונזערע „גוואַרדיעציעס" מחרים געווען, ווי אַ עובר ישראל. היינט האָט זיך דער „קורס" געביטען און כל זמן מען האָט גערעדט געגען וויען איז אַלץ געווען שלום ושלוה. דערפֿאַר אָבער אַז אַ ענגלישער ציוניסט האָט זיך ערלויבט צו זאָגען אַ וואָרט געגען לאָנדאָן, אַז ער האָט זיך ערלויבט צו פֿרעגען, אויב ס'איז באמת מעגליך אז אַזוינע אויסגעשפּראָכענע אוגאַנדיסטען, ווי גרינבערג און זאַנגוויל — און וועגען וועמען האַנדעלט עס זיך ווען מע רעדט פֿון לאָנדאָן — זאָלען שטעהן אן דער שפּיצע פֿון דער „ציוניסטישער בעוועגונג, איז געוואָרען אַ רעש אונטער אונזערע גוואַרדיעציעס און עס האָבען זיך אנגעהויבען שיטען פּראָטעסטען געגען... דער „וועלט" דערפֿאַר וואָס זי האָט אַבגעדרוקט דיעזען אַרטיקעל — פּראָטעסטען געגען דער וועלט! tempora mutantur — די צייטען בייטען זיך!..

* * *

די יודישע פּרעססע איז מיט דעם נייעם יאָהר זעהר בעדייטענד פֿערשטאַרקט געוואָרען. אין גאַליציע האָט קורץ פֿאַר דעם נייעם יאָהר אָנגעהויבען אַרויסצוגעהען אַ טאָג צייטונג „היום" אין העברעאיש; דאָס איז די ערשטע העברעאישע טאָג צייטונג אין גאַליציע. אין ווילנא האָט אָנגעהויבען צו ערשיינען ווידער אַ מאָל דער „הזמן", וועלכער איז פֿאַר איאָהרען אַ קורצע צייט אלס טאָג צייטונג ערשינען אין פּעטערסבורג (אלס אַ וואָכען בלאַטט איז ער אַ גאַנץ יאָהר אַרויסגעגאַנגען) אונטער אַ נייער רעדאַקציע און מיט אַ נייער ריכטונג. דער אַלטער רעדאַקטאָר, וועלכער איז אויך איצט איינער פֿון די רעדאַקטאָרען איז מודיע, אז ער אַליין איז געבליבען ביי זיין אַלטער מיינונג; ער איז ניט נור אַ א"י ציוניסט נור ער איז אפילו אַ גרעסערער אחד העמיסט אלס אחד העם אַליין. אַזוי ווי אָבער עס זענען איצט דאָ עטליכע רעדאַקטאָרען און אלע רעדאַקציאָנע אַנגעלעגענהייטען ווערען גערעשעט ברוב דעות, ע"כ האַלט זיך די צייטונג ניט ביי זיין מיינונג. מיר וואָלטען אפילו געקענט פֿרעגען אַ האַרבע קשיה ווי אַזוי זשע בלייבט דער אלטער רעדאַקטאָר אין דער רעדאַקציע? נור ביי יודישע צייטונגען איז דאָס קיין שאלה ניט, ביי אונז, איז אַלץ מעגליך...

דער פֿריינד הויבט אָן אַרויס צו געבען אַ מאָנאַטליכען זשורנאַל מיט דעם נאָמען „דאָס לעבען". דער „פֿריינד" האָט זיך ערוואָרבען אַסאַך פֿריינד אונטער דעם יודישען פּובליקום; אין אַ מאָנאַטליכען זשורנאַל וועט די רעדאַקציע („דאָס לעבען וועט רעדיגירט ווערען פֿון דערזעלבער רעדאַקציע וואָס רעדיגירט דעם „פֿריינד") האָבען די מעגליכקייט מעהר צו פֿערטיעפֿען זיך אין די פֿראַגעס, איבער וועלכע אַ טאָג צייטונג מוז גיך אַריבער געהן, און דאָס וועט אודאי העלפֿען דער

רעדאַקציע מעהר אויפֿצוקלערען איהר אַלגעמיינעם און יודישען שטאַנדפּונקט.

דער בעקאַנטער יודישער שרייבער א. רייזען איז צוגעטרעטען צו דער אויסגאַבע פֿון אַ וואָכענבלאַט מיט דעם נאָמען „דאָס יודישע וואָרט". זינט דער „יוד" איז אָבגעשטאָרבען, האָבען מיר ניט קיין וואַרען בלאַט—די „יודישע פֿאָלקסציימונג" האָט אייגענטליך געהאַט דעם האַראַקטער פֿון אַ טאָג צייטונג, וואָס האָט מאַטעריאַל נור אויף איין מאָל אין דער וואָך אַרויסצוגעהען; אַ גוט רעדיגירטעס וואָכענבלאַט איז אַודאי אַנוצליכע זאַך אין אונזער ליטעראַטור.

אויך די רוסיש יודישע פרעסע איז ניט אָבגעשטאַנען: דער זשורנאַל „*Еврейская жизнь*" האָט בעקומען אַ ערלויבניש אַרויס צוגעבען אַ וואָכען בלאַט מיט דעם נאָמען „*Хроника евр. жизни*" ווי אַזוי דאָס פּובליקום פֿערהאַלט זיך צו דיזעם זשורנאַל בעווייזט דאָס וואָס קיין רוסיש יודישער זשורנאַל האָט ניט געהאַט אַזוי פֿיעל אַבאָנענטען, ווי דיזער זשורנאַל. ער איז אַודאי ניט אָהן חסרונות, נור וואָס פֿאַר אַ זשורנאַל האָט גלייך פֿון אָנהויב קיין חסרונות געהאַט. דער זשורנאַל הייבט איצט אָן זיין צווייטעס יאַהרגאַנג, און דורך דעם, וואָס ער וועט קענען די פֿראַגען פֿון „טאָג" בעהאַנדלען בעזונדער אין דער חראָניק, וועט ער אויך בעקומען די מעגליכקייט ערנסטער צו פֿיהרען די חודש ביכלעך.

אַלע דיזע צייטונגען און זשורנאַלען שיקען מיר אונזער הערצליכסטען גרוסס און וואונש מיט ערפֿאָלג אויסצופֿיהלען די גרויסע אויפֿגאַבען וואָס זיי האָבען אויף זיך גענומען.

* * *

פֿאָריגען חודש איז פֿאָריבער 700 יאָהר זייט עס איז געשטאָרבען דער גרויסער יודישער פֿהילאָזאָף און רעפֿאָרמאַטער, רבינו משה בר' מימון, אָדער, ווי ער איז בעקאַנט מיט די ר"ת, רמב"ם. ניט דאָ, אין אַ קליינער נאָטיץ, איז מעגליך צו רעדען איבער דיזעם גרויסען גייסט. עס איז גענוג צו דערמאָנען, אַז נאָך שפּעטער מיט 600 יאָהר נאָך זיין טױדט האָט ער געהאַט אַ גרויסע ווירקונג אויף די בעסטע יודישע דענקער. זיין „מורה נבוכים" איז תמיד געווען דער טרייבער צו דער השכלה, ער איז תמיד געווען דער ערשטער און פֿעסטער קלאַפּ דעם אַלטען פֿינסטערניש, און ניט אומזיסט האָבען אַזוי אונזערע פֿאַנאַטיקער געציטערט פֿאַר דעם „מורה נבוכים". מיט אַזעלכע גייסטער ווי דער רמב"ם, ווערד אַ פֿאָלק זעהר זעלטען באַשענקט. דער רמב"ם געהערט צו די גרעסטע מענשען פֿון דעם יודענטהום פֿון אַלע צייטען און זיין נאָמען וועט נאָך אויף פֿיעלע יאָהר הונדערט פֿערבלייבען ביי אונז.

דער יודישער חראָניקער.

# די יודישע פרעסע

דאָס יודישע לעבען און די יודישע פרעסע— הצפה, הצפירה, הזמן.— סוחרים. קויפֿט, קויפֿט קונים...— בעהאַלטענע טעריטאָריאַליסטען און אָפֿענע סוחרים.— דער „פֿריינד" און זיין „פּראָגראַם".— רייזען דער ערשטער.— פֿרישמאַנס ליטעראַרישער טאַקט.— זעצער אַ שלעכטער סוחר.—

דאָס יודישע לעבען און די יודישע פּרעסע זענען צוויי בעזונדערע בעגריפֿע. איינס עקסיסטירט ניט פֿאַר דאָס צווייטע. איין צוזאַמענבאַנד איז יאָ פֿאַראַן: דאָס יודישע לעבען איז הושך, גלות'דיג אָהן אַ רייכען אינהאַלט; די יודישע פּרעסע איז אויך חושך, גלות־דיג און אָהן אַ רייכען אינהאַלט.—

די יודישע גרויסע גאַס עקסיסטירט ניט פאַ־ דאָס רוב יודישע צייטונגען, די מיליאָנען צרות און ליידען פונ'ם גרויסען יודישען פובליקום דרינגען ניט אַריין אין די יודישע רעדאַקציעס. א י ן טייל פון יודישען פובליקום איז פאַראַן וועלכער אינטערע־סירט די גאַנצע פרעסע, איין טייל איבער וועלכען אַלע רייסען זיך אַרום, איין טייל וועלכען אַלע ווילען צופריעדען שטעלען. דאָס איז דער טייל וואָס אַ ב אָ נ י ר ט די צייטונג, דער אַ ב אָ נ ע נ ט איז געוואָ־ען דער גאָט פון די צייטונגען. דערצו נאָך אין אַזאַ גראָבער פאָרם אַז עס עקעלט יעדען.

ווי וויט אמת דאָס איז קענען אונז בעווייזען די פע־שיעדענע פראָספעקטען צום ניַיען יאָהר. אַלע יאָהר האָבען דאָס רוב אונזערע צייטונגען „סוחרישע” פראָספעק־טען געדריקט — נור צו אַזאַ צ י נ י ז ם ווי דאָס יאָהר זענען זיי ניט געקומען.

„הצפה” און „הצפירה” האָבען דערפיהלט אַז דער „הזמן” וואָס ליגט איצט אין סוחר'שע הענד וועט זיי שטאַ־ק קאָנקוריערען, וועט ביי זיי צו נעמען יענעם טייל פונם יודישען פאָלק וואָס איז זיי אַזוי טייער — דעם יודישען אַבאָ:ענט. און וואָס מיינט איהר האָבען זיי געטהון?

„הצפה” בעריהמט זיך שוין צוויי יאָהר אַז ער איז אַ אינפאָרמאַציאָנע צייטונג. אַז ער האָט קאָרעספאָנדענטען אין אַלע גרויסע יודישע צענטרן. אין אמת'ן אָבער, לעזענדיג טאַג־טעגליך דעם הצפה, וועט איהר ניט אָנהייבען וויסען ווי אַזוי ל ע ב ט און ש ט אַ ר ב ט באמת דאָס יודישע פאָלק. אַז סיוו ט אַ ן אין פאַריז שטאַרבט אַוועק וועט איהר דאָרט געפינען גלות־לאַנגע קאָרעספאָנדענציעס דעריבער. עטליכע בריעף וואָס בעשעפטיגען זיך מיט דער ווינטינגער פראַגע צו האָט זיך סיווטאַן אַליין פערניכטעט, צו גאָר זיין פרוי האָט איהם אָפגעשיקט אויף יענער וועלט. וועט טשעמבערלען אַ פינטעל מיט'ן אויג טהון אָדער גרינבערג — להבדיל — וועט אַ מאַך טהון מיט דער לינקער האַנד וועט איהר געפונען לאַנגע „ספעציעלע” בריעף דעריבער, און אַז זאַנגוויל וועט חתונה האָבען — נאַ, דענסטמאָל מוזט איהר שוין אַלערליי נאַרישקייטען אויסהערען. ווילט איהר אָבער וויסען וואָס די צעהנער־טויזענדער עמיגראַנטען אין פאַריז און אין לאָנדאָן טהון — וועט אייך אינטערעסירען זייער לעבען, זייער ווירקען און זייערע ליידען און פריידען — דאָס געפונט איהר ניט אין ה צ פ ה, דען דאָס געהערט דאָך ניט צו אַ „אינפאָרמאַציאָנע” צייטונג. און צו וואָס אַזוי וויט געהן? דאָס לעבען אין בערדיטשעוו, אַדעס און טאַקע אין וואַרשא אַליין ווערט ניט אָפגעשפיעגעלט דאָרט. זעהט איהר, וואָלט זיך דאָ אַ חברה־מאַן ווי ס י ו ו ט אַ ן זיך אויפגעהאַלטען, — דענסטמאָל וואָלטען מיר אויספיהרליכע בעשרייבונג בעקומען. די טויזענטער יודישע גאַסען־מיידליך אין וואַרשאָ, די הונדערטער י ו ד י ש ע באַסיאַקעס דאָרט — עקסיסטירען ניט פאַר'ן ה צ פ ה. און ווער רעד שוין גאָר דאָס שטרעבען און לעבען פון די פיעלע טויזענדער יודישע אַרבייטער אין וואַרשאָ, לאָדז, ביאַלאָס־טאָק א. ז. וו.

געפינען מיר אין ה צ פ ה קיין ווירקליך יודישעס לעבען, אַזוי האָבען מיר דאָרט ווענינגסטענס אַ ק ל אָ ר ע ם, פ ע ס ט ע ם פ ר אָ ג ר אַ ם. אונז אינטערעסירט דאָ ניט צו זענען די ציוני־ציון גערעכט צו ניין — מען קען נור אָנווייזען, אַז דער הצפה האָט אַלע מאָל מ ו ט ה י ג פערטיידיגט די פאַלעסטינאָ ציוניסטישע אידעען, אויך דענסט־מאָל ווען מען האָט איהם — דעם ה צ פ ה — דער פאַר גע'רודפ'ט. די וואַסערדיגע

בערנפעלד אַרטיקעל האָבען זיך שוין געמעגט פיעלען איינעסען – אַ אויסגעהאַלטענעם סיסטעם זעהן מיר אָבער אין אַלע הויפט־אַרטיקעל. —

די הצפירה אָבער איז ניט נור ווייט פון לעבען (און נאך אפשר ווייטער אַלס דער הצפה) נור זי איז אויך ווייט פון עהרליכקייט, מוטה און פון אַ פעסטען פראגראם. אַלע צוויי וואכען כמעט, געפינט איהר דארט א אַנדערעם פראגראַם. אַט געפינט איהר דאָרט די שיינע אָבער גאָר ניט זאָגענדיגע אַרטיקעל פון סאָקאָלאָוו – אָט געפינט איהר שמוטציגע פאַסקווילען פון יצקן עט קאָמפאַניע. דעם אמת זאָגענדיג האָט אויך „הצפירה" אַ פראָגראַם. איהר פראָגראַם דריקט זיך אויס אין די ווערטער „געה, וויאַהין דער ווינד בלאָזט". נאָכצוקוקען, נאָכצושפירען דען גאַנג פון ווינד – אָט דאָס איז די אויפגאַבע פון דער הצפירה־רעדאַקציע און זיי וועגען דערמיט אַזוי פיעל בעשעפטיגט אַז עס בלייבט כלל קיין צייט זיך באמת צו הערען צום לעבען און ענטפערען אויף איהרע בעדערפנישען. —

וויל מען גערעכט זיין מוז מען מודה זיין, אַז אַ געוויסען טייל מוטה געפינט איהר אויך אין הצפירה. איין וואָך שרייבט מען דאָרט מוטהיגע פאַסקווילען, מען שטעלט זיך מוטהיג אויף דער זייט פון דער לשכה „ועד מגיני ההסתדרות", די אַנדערע וואָך טרעט סאָקאָלאָוו אויף מוטהיג געגען טעריטאָריאַליזם. אין „הזמן" געפינט איהר דאָס אויך ניט. געוועזען פאַריאָהרען אַ מוטהיגער און עהרליכער הזמן– איז ער אָפגעשטאָרבען; און אָפגעשטאָרבען איז ער אויף תמיד. דער איצטיגער הזמן האָט נור דען נאָמען מיט דעם טייל בטלנות פון יענעם הזמן געירשה׳ט.

אַז עס קומט אַ נייע צייטונג מוז זי אָפען זאָגען, וואָס זי וויל, צו וואָס זי איז געקומען. דער „הזמן" אַלס די דריטע העברעאישע צייטונג, האָט פאַר זיך צוויי וועגען געהאַט: ער האָט געקענט ווערן אַ ענג־לאָקאַלע צייטונג ד. ה. ער האָט זיך געקענט שטעלען פאַר אַ אויפגאַבע צו דיענען דעם יודישען לעבען אין ווילנאָ און אין דער סביבה. דענסטמאָל וואָלטען מיר פון איהם פיעל ניט פערלאַנגט. אָדער הזמן האָט געוואָלט ווערן אַ „וועלט־צייטונג", דענסטמאָל מוזען מיר שוין פון איהם הערען אַ נייע וואָרט, אַ אָפענעם פראָגראַם. דענסטמאָל האָט ער אונז בעדארפט געבען דאָס וואָס עס פעהלט אונז. לעזט איהר אָבער דעם פראָספעקט און די ערשטע נומערן „הזמן" ווייסט איהר ניט וואָס ער וויל. אַ „כל ישראל" צייטונג ווערן — הייסט אַזוי פיעל ווי פערשטעקען, בעהאַלטען דאָס פראָגראַם. קיין צייטונג קען פערטרעטען די אינטערעסען פון אַלע קלאַסען יודען. דער הזמן אַלס „כל ישראל" צייטונג מוז זיין יאָ ציוניסטיש און ניט ציוניסטיש; יאָ טעריטאָריאַליסטיש און ניט טעריטאָריאַליסטיש, א. ז. וו. לעזט איהר די ביז איצט ערשיענענע נומערן – ווייסט איהר ניט, וואָס זיי ווילען דאָרט אין ווילנאָ. איינער ציעהט אַרויף, דער אַנדערער אַראָפ און „דער וואָגען איז אַליך אויף איין אָרט". —

דערפאַר אָבער הייבט אָן דאָרט דער „יצקניזם צו שפיעלען אַ וויכטיגע ראָלע. דאָרט קלאָגט זיך מ. קליינמאַן וואָס „הצפירה" לאָזט ניט מעהר זיך בעשמוטצען מיט יצקנ׳ס אַרטיקעל. ער איז מודה, אַז יצקן בעפאַלט פערזאָנען אין זיינע שרייבערייען; ער איז מודה אַז יצקנ׳ן פעהלט דאָס וואָס מען רופט „ליטעראַרישער טאַקט", און איבערהויפט איז ער גוט בעקאַנט מיט דער קליינע נשמה אין גרויסען, ד. ה. אין מאַרק־שרייערשען יצקן. — דאָך אָבער מיינט ער, אַז וויבאַלד

איינער שרייבט עֶפּעס — מוז מען עֶס דרוקען. (אַ מאָדנע פֿעֶרשטעהן פֿון פֿרייע פּרעסע). „הזמן" דערפֿרעהט זיך נאַטירליך מיט אַזאַ מין טרויריג־קאָמישען פּעליעטאָן פֿון קליינמאַן. „הזמן" מוז פֿערטיידיגען אַזאַ חברה־מאַן ווי יצקן איז — דען ער האָט זיך אין לאָנדאָן אַראַנזשירט אַ איינגענעם יצקן. דר. י. מ. זאַלקינד הייסט דער יצקן פֿון „הזמן". איהר ווייסט אפשר אז פֿונ'ם זעקסטען קאָנגרעס זוכט מען געלד אויף דער עקספּעדיציע נאָך אוגאַנדאַ און דער עולם וויל ניט געבען. דאָס „פֿאָלק" וועלכעס איז אַזוי אוגאַנדיסטיש געזאָנען, ווי די דעמאַגאָגען אונזערע שרייען, גיט געלד אויף אַלעס נור ניט פֿאַר אוגאַנדאַ. אין לאָנדאָן איז פֿאַראַן איינער אַ גרינבערג, וואָס וויל אונבעדינגט דעם עולם פֿיהרען, און כדי זיין צוועק צו ערייכען, האָט ער זיך מיט די גרעסטע שקרים בעֶנוצט. דער מענש האָט זיך ניט געשעמט אָפֿענע ליגענדס אויסצוטראַכטען, אַז יודען גבירים אין דרום אפֿריקא ווילען געלד געבען. גרינבערג שנאָרט אויס געֶלד עפּיס ביי איינער אַ פֿרוי, וועלכע קיינער ווייסט ניט וואָס זי איז... דיעזער גרינבערג קלויבט אויס די עקספּעדיציע, שיקט זי אַוועק און אויף די פֿיעלע דעפּעשען פֿון וויען — ענטפֿערט ער ניט.

נור ניט מיט גרינבערגן ווילען מיר זיך דאָ רעכנען. מיר ווייסען פֿון לאַנג שוין אַז אונזער אָרגאַניזאַציע איז פֿערפֿוילט, אַז עס זענען דאָרט פֿאַראַן מענער, וועלכע ווערן אין אַ אַנדערע אָרגאַניזאַציע ניט נעדולדעט. מיר ווייסען אַז עס האָבען זיך צו אונז אַריין־גע'גנב'עט ניי־מאָדישע גבאים, וואָס פֿעראונרייניגען אונזער בעוועגונג. — מיר האָבען נור דאָס דערמאַנט, כדי איהר זאָלט פֿערשטעהן וויפֿיעל יעזואיטיזם עס שטעקט אין אַרטיקעל פֿון יצקן, איך מיין דר. י. מ. זאַלקינד. „דאָס יודישע פֿאָלק", שרייבט ער. האָט געשיקט די עקספּעדיציע! גרינבערג — דאָס איז דאָס יודישע פֿאָלק! נאָלדרייך און לאַנגערמאַן — דערצעהלט ער דאָרט — האָבען געוואָלט נענוג געלד געבען, נור דער וויענער א. קאָמיטעט האָט ניט דערלאָזט! דערביי ווערט יעדעס מיטגליד פֿון וויענער קאָמיטעט בעטיטעלט מיט „חרש שוטה וקטן". דר. דייכעס האָט מוטהיג אַרויסגעזאָגט זיין מיינונג, ווער און וואָס די גרינבערגס און די זאַנגווילס זענען, — דערפֿאַר ווערט ער ביי „יצקן־זלקינד" אַ „גראָבער בייכעֶל".

און דער הזמן דריקט אַזאַ מין שמוטציג פּאַסקוויל! און דערביי איז ער כלומר'שט ניט טעריטאָריאַליסטיש! געפֿינט מען ערגעץ עטליכע ווערטער. אַז פּאַלעסטינא טויג ניט — ווערן זיי באַלד אָפּגעדריקט אין „הזמן" — ווייל ער איז ניט טעריטאָריאַליסטיש.

נור „הזמן" שעמט זיך מיט זיין טעריטאָריאַליזם ווי לודוויפּול האָט ריכטיג בעמערקט. ער דרעהט זיך אַהין, אַהער און קען אין זיך דען מוטה ניט געפֿינען אָפֿען צו זאָגען וואָס ער וויל.

דערפֿאַר אָבער איז דער סוחר'שר טאָן פֿון „הזמן" קלאָר פֿאַר יעדען. „הזמן" האָט פֿיעל נעלד, שרייען זיי דאָרט! לכן „גיט" זיי קרעדיט, איהר מעגט זיי געטרויען דאָס אבאָנעמענטס־געלד! נור ניט קרעדיט ווילען די בעלי־„הזמן" ביי אייך. זיי ווילען נאָך דורכאויס, אַז איהר זאָלט דעם אַנדערן ניט גלויבען — און ווי ציניש־גראָב זאָגען זיי דאָס אַרויס! מיט זעהר קלאָרע ווערטער גיט מען אַייך צו פֿערשטעהן, אַז די איבערזעצונג פֿון גרעץ'ס היסטאָריעֶ, וואָס „הצפירה" וויל געבען וועט טויגען

אויף כפרות. דאָרט איז אַלעס פֿאַלש — נור ביי אונז אין ווילנא, איז אַלעס גיך־גאָלד! דאָרט וועט מען אייך געבען דינע ביכעלעך, וואָס דער ווינד וועט צו בלאָזען. — מיר אָבער זענען רייכע בעלי־בתים. מיר פֿערשטעהען אַ עסק: מיר וועלען געבען גראָבע, דיקע ביכער, אַ פֿערגניגען אָנצוקוקען! און דאָס פּאַפּיער, און דער דרוק — אַלעס, אלעס וועט זיין „נאָן פּלוס אולטראַ"! קויפֿט, קויפֿט קונים... פֿעטער, וואָס דאַרפֿט איהר? אַ מאַנטעל? אַ פּאָר שטיוועל? קומט צו אונז, צו אונז, צו אונז...

אָט אַזאַ מין שרייענדיגע אַנאָנסע ווערט איבען־אָן אין „הזמן" געדרוקט! און שווער ווערט עס נאָך אַזאַ מין בטלניש־סוחר׳ישע רעקלאַמע די צייטונג ווייטער צו לעזען.

ווי עס וויזט אָבער אויס לאָזט זיך דאָס „געעהרטע פּובליקום" ניט פֿערנאַרען. עפּיס איז עס נאָך ניט צו געוואוינט צו אַזאַ מין טאָן. און „הזמן" שוויגט ניט. ער נעמט אָהן די מינע פֿון אַ נרדף. ער בעקלאָגט זיך, אַז מען טראַכט אויף איהם אויס, אַז ער איז טעריטאָריאַליסטיש און ער שלאָגט זיך אַרום מיט די „חברים נכבדים", ער האָט צו זיי טענות, וואָס מען דרוקט ניט זיינע אַנאָנסען — אלס דאַרף דער „נעעהרטער לעזער" דאָס אַלעס וויסען. „הזמן" ווייסט אפילו ניט, אַז קויטינעס גרעט וואַשט מען אין דער היים.

אויב נאָכ׳ן כעס׳דיגען טאָן פֿון „הזמן" צו משפּט׳ן, האָבען איהם זיינע פּרעמיעס ניט אַריינגעטראָגען דאָס, וואָס ער האָט ערוואַרטעט.

„הצפֿה" און „הצפירה" האָבען אָבער דערפֿון ניט געוואוסט. טוידט נעשראָקען האָבען זיי זיך! ס׳טייטש: פֿיעל פּאַפּיער מיט אַזוי פֿיעל מתנות! דער אַבאָנענט וועט אַוועק! מען מוז זוכען מיטעל! אָט דאָ וואָלט דער ריכטיגער מאָמענט געוועזען ווען „הצפה" און „הצפירה" זאָגט זיך: לאָמער אויסבעסערן אונזערע צייטונגען, לאָמיר זיך דערנעהנטערן צום פֿאָלק, לאָמיר געבען אַ רייכען אינהאַלט אונזערע צייטונגען אַזוי, אַז די לעזער זאָלען אונז פּשוט נייטיג האָבען — ניין! דאָס האָבען זיי ניט פֿערשטאַנען. „הזמן" גיט פּרעמיעס — מוזען מיר נאָך מעהר געבען! ווער דאַרף עס דעם „הצפה" אדער „הצפירה"? אַ צייטונג קען מען אַ רוסישע לעזען — מיר אָבער וועלען דאָס פּובליקום פֿערוואַרפֿען מיט מתנות. און עס האָבען זיך אַ שיט נעטהון פֿון אַלע זייטען: גרעץ־גאָרדאָן־פֿין סמאָלענסקי־ביאַליק: קויפֿט, קויפֿט קונים...

ווילט איהר האָט איהר „השלח" אויך — דערצעהלט אייך „הצפה"׳ס פּראָספּעקט. איי וואָס איהר ווילט אפשר עפּעס נייעס — טאָ וואַרט צו ביסלעך: מיר האָבען שוין אונזער זשורנאַל, מיר ווילען נור ניט גיך איהם אַרויסגעגעבען (אַ „פֿיינע" אַנמערקונג אַז דער „הזמן"־זשורנאַל וואָס וועט אַרויסגעהן גיך וועט ניט טויגען...) נעמט „דערוויל" (אין אַ נויט) דעם „השלח" — שפּעטער, איבער אַ יאָהר וועלען מיר שוין דורכקומען...

* * *

מיט אַ רוהיגען טאָן איז דער „פֿריינד" אַריינגעטרעטען אין דריטען יאָהרגאַנג. פֿאַר איהם עקסיסטירען נאָך ניט קאָנקורענטען, ער איז איינער אַליין, אַ תקיף, און וועמען הערט ער. זיין פּראָגראַם איז געבליעבען ווי פֿריהער: „די ערשטע טעגליכע יודישע צייטונג אין רוסלאַנד". דאָס פּראָגראַם זאָגט פֿיעל: מיר זענען עס די פֿיינע מענשען, מיר האָבען עס די ערשטע צייטונג בעשאַפֿען און נעהמט טהוט אונז עפּיס!

און ניט די ע ר ש ט ע זענען מיר — נור אויך די איינציגע, וואָס מ י ר ווילען — טהון מיר. ווילען מיר — האָדעווען מיר אייך מיט שוואַרצע נעגערס — ווילען מיר לאַכען מיר אויס ה צ פ ה, און געהט זאָגט אונז עפּיס!

דער „פריינד" האָט אין דער ערשטער צייט געהאַט אַ בעשטימטעם פּראָגראַם. ער איז געוועזען די ק אָ ר ע ק ט ע ס ט ע צייטונג ביי אונז. צום בעדויערן האָט זיך „אַריינגעגנב'ט" אַ עכט ב ט ל נ י ש ע ר טאָן אין דער ליטעראַרישער זייט און פון דער אַנדערער זייט האָט דער ס ו ח ר דאָרט אָנגעהויבען שפּיעלען די הויפּטראָלע.—

פון אולטראַ־ציוניסטיש איז ער געוואָרען אולטראַ־אוגאַנדיסטיש. ווייל ה צ פ ה זיין פּראָגראַם נ י ט ענדערן אַזוי בעפּאַלט מען איהם וואו מען קען און וואו מען קען ניט. —

דער פריינד, אַלס זשאַרגאָן צייטונג, שטעהט אָבער דאָך נעהנטער צו די פאָלקס־אינטערעסען. און אָט האָט ער זיך ניט ווילענדיג קלאָר אַרויס־געזאָגט, אַז דאָס גרויסע פאָלק קען פון אוגאַנדאַ גאָר ניט האָבען, אַז מיר זענען ניט בכוח אַ שטאַאַט צו גרינדען. ער האָט אַרויסגעזאָגט אַ אמת — און האָט זיך דערשראָקען! ווער וויסט, אפשר איז יענער נומער וועניגער פערקויפט געוואָרען? און דער „פריינד" ווערט ווידער אַ בעל־תשובה. האָט אָבער דער „פריינד" — ווי עס וויזט אויס — פערשיעדענע רעדאַקטאָרען און יעדער טאַנצט זיך פאַר זיך. נאָך דעם ווי ער האָט תשובה געטהון — דריקט ער אויבען אָהן אַ „בריעף פון דרום־אַפריקאַ" (נומער 294) וואו עס ווערט דערצעהלט, ווי וועניג ווערטה די ענגלישע הבטחות האָבען, די הבטחות זייערע פאַר די בורען בעת די לעצטע זענען שוין דאָרט, בעת די לעצטע האָבען די אַפריקאַנישע ערד בעגאָסען מיט בלוט — און דער „פריינד" בעמערקט ניט ווי אַזאַ מין קאָרעספּאָנדעניץ פערניכטעט אַלע זיינע בטלנות־טהעאָריען.

אַז דער „טאָג" וועט אָנהייבען אין ו ו י ל נ אַ צו ערשיינען — ווייסען אַלע העברעאישע לעזער. דער „פריינד" געפינט ניט פאַר נייטיג דאָס צו דערציילען זיינע לעזער. אַ שוואַרצער נעגער איז פאַר'ן פריינד מעהר וויכטיג ווי נאָך אַ יודישע צייטונג אין רוסלאַנד! אַז אַ באָד־גוי וועט דאָס באָד ניט גענוג אויסהייצען וועט דער „פריינד" אַ קאָרעספּאָנדענץ דעריבער ברענגען — און אַז די מיליאָנען יודען אין רוסלאַנד בעקומען נאָך אַ צייטונג — פערשוויינט ער! אָט דאָ זעהט מען אַם קלאָרסטען די „פ ר י י נ ד ש אַ פ ט" פון „פריינד" צו זיינע לעזער. —

ס ו ח ר י ם! —

אַז רייזען האָט אָנגעהויבען אַרויסגעבען אַ וואָכענבלאַט דערוויסט איהר זיך אויך פון די אַנאָנסען, נור ניט פון די יודישע צייטונגען!

„דאָס יודישע וואָרט" הייסט רייזנס וואָכענבלאַט.

„אַלע ביזהעריגע יודישע אַרויסגעבער האָבען געקוקט אויף די יודישע שפּראַך און איהר ליטעראַטור בלויז ווי אויף אַ מיטעל צו מאַכנע צוועקען, העכסטענס צו אויפהייבען דורך איהר די מאַסע צו אַ געוויסער שטופע פון בילדונג, מיט דעם גע־דאַנק די מאַסע זאָל זוכען איהרע ווייטערע ענטוויקלונג אין אַ אַנדערער פרעמדע ר שפּראַך און ליטעראַטור.

די יודישע ליטעראַטור אַלס ציעל אַן און פ י ר זיך האָט פאַר יענע אַרויס־געבער נישט עקזיסטירט.

דאָס יודישע וואָרט איז די ערשטע צייטשריפט, וואָס בעטראַכט די שפּראַך אויף וועלכער דאָס יודישע פאָלק רעדט שוין עטליכע הונדערט יאָהר. אַלס אונזער נאַציאָנאַל שפּראַך".

אָט דאָס איז רייזינס „פּראָגראַם".

יעדער וויל זיין דער ערשטער. רייזען מאַכט זיך גיט וויסענדיג, אַז אין רוּסלאַנד האָבען מיר אַ גאַנצע פאַרטיי („בונד"), וואָס בעטראַכט זשאַרגאָן אַלס נאַציאָנאַל־יודישע שפּראַכע, רייזען פאַרגעסט כלומר׳שט, אַז אין אַמעריקאַ בענוצט מען זיך מיט׳ן זשאַרגאָן (זשורנאַל „צוקונפט") פאַר די העכסטע פּראָבלעמען.

נור רייזין וויל אונבעדינגט זיין אַ סוחר: ער מוז דערפאַר אַלעס פריהערע מבטל זיין, כדי: „קויפט, קויפט קונים..."

פּרץ — פינסקי — אַש א. ז. וו. האָבען ביז איצט נאַטירליך שלעכט געשריעבען — איצט אָבער אַז רייזען וועט אַרויס געבען אַ וואָכען־בלאַט וועט מען ערשט אָנהייבען גאָר „פיין" צו שרייבען. —

* * *

„קויפט, קויפט קונים..." שרייעט אויך דער הדור־פּראָספּעקט. „כמעט אין יעדען העפט" וועט דער רעדאַקטאָר אַליין שרייבען אין הדור...

פון אַזאַ ליטעראַטאָר ווי פרישמאַן — האָט מען עפּיס מעהר ליטעראַרישען טאַקט ערוואַרטעט.

„כמעט אין יעדען העפט וועל איך אַליין שרייבען" — דער פאַר: קויפט, קויפט, קונים...

* * *

העפטען־ווייז, העפטען־וויז וועט ש. צ. זעצער אַרויסגעבען אין זשאַרגאָן אונטערן נאָמען „ליטעראַטור און לעבען". —

נאַטירליך וועלען דיזע העפטען זיין דאָס בעסטע אין דער וועלט. זעצער איז אַ איש־מלחמה און אַז ער זאָגט אונז צו מלחמה האַלטען מיט יעדען — וועט ער געווים מקיים זיין. —

זעצער האָט באמת פיינד יצקנ׳ן און אַליין שרייבט ער אַנאָנסען אַ. לאַ. יצקן, פערגלייכט יצקנ׳ס שרייענדיגע אַנאָנסע איבער זיינע „מכתבים גלוים" מיט די פון „ליטעראַטור און לעבען" וועט איהר קיין אונטערשיעד געפינען.

נור דאָס מוז מען מודה זיין: אַ סוחר איז ער ניט זעצער: זיינע אַנאָנסען וועגען זשאַרגאָן־העפטען שרייבט ער אין העברעאיש!

אַ אונפּראַקטישער סוחר דער ה. זעצער! ווער וועט זיין „קויפט, קויפט קונים..." פערשטעהן? —

דער שוואַרצער יונגערמאַנטשיק.

# קאטאלאג פון דער אינטערנאציאנאלער ביבליאטהעק פערלאג קא.

פיליפ קראניץ, קולטור געשיכטע, 3 בענדער, 1000 זייטען, 100 בילדער, שיין געבונדען, פרייז יעדער באנד — 75 ס.

״ ״ די געשיכטע פון דער גרויסער פראנצויזישער רעוואלוציאן, 3 טהיילען אין איין באנד, שיין געבונדען — 75 ״

״ ״ יציאת מצרים, מיט א קארטע פון מצרים — 15 ״

״ ״ אריסטאטעל, זיין ביאגראפיע, — 10 ״

״ ״ וואס הייסט נאציאן — זיינען אידען א נאציאן? — 10 ״

י. גארדין, גאט, מענש און טייוועל, דראמא אין 4 אקטען — 2

״ וואלטער, זיין ביאגראפיע — 10 ״

דר. קאספע, מעכאניקע, נאך סיר אייזאק ניוטאן — 10 ״

״ ״ ״ אסטראנאמיע — 15 ״

״ ״ אנפאנג פון כעמיע — 15 ״

מ. באראנאוו, דער מענש און די נאטור — 10 ״

ל. טאלסטאי פאטריאטיזמוס און רעגירונג — 05 ״

״ דער איינציגער מיטעל — 05 ״

ביידע בראשורען איבערזעצט פון מ. ק א ט ץ.

מאקסים גארקי, ערצעהלונגען, איבערזעצט פון ה. אלעקסאנדראוו — 15 ״

ה. אלעקסאנדראוו, טאלסטאי, זיין ביאגראפיע — 10 ״

ב. פיינגענבוים, רמב״ם, זיין ביאגראפיע — 10 ״

מ. וויערניק, רב סעדיה גאון, זיין ביאגראפיע — 10 ״

מ. פרומקין, ר׳ ישראל בעל שם טוב, זיין ביאגראפיע — 15 ״

מארריס ראזענפעלד, געזאמעלטע ליעדער, 337 זייטען, אילוסטרירט. שיין געבונדען — 100 ס.

ד. מ. הערמאלין, יצחק בער לעווינזאהן, זיין ביאגראפיע מיט זיין בילד — 51 ס

---

פערפערטיגט צום דרוק און אין קורצען וועלען ערשיינען:

אמעריקא פאר קאלומבוס, א קולטור־געשיכטליכע נאכפארשונג איבער דעם לעבען, פיהרונגען און מאנומענטען פון די פערשידענע פעלקער אין דער נייער וועלט ביז דעם אנקומען פון אייראפעער מיט 45 ערקלעהרענדע ציכנונגען, 175 זייטען, שיין געבונדען, פרייז 60 ס.

## ביאגראפיען:

״יאזעפוס פלאוויאוס״ 64 זייטען, ״ברוך שפינאזא״ 62 זייטען, ״שבתי צבי״ 78 זייטען, ״בר כוכבא״ 50 זייטען, ״דער ווילנער גאון״ 50 זייטען, ״מאהאמעד״, ״לעססינג״, ״יהודה הלוי״, ״היינע״, ״די ראטשילדס״ און פיעל אנדערע.

אגענטען ווערען געפאדערט איבעראל!

The International Library Pub. Co.,

23 Duane St., New York, N. Y.

„The Jewisch Future“
A SOCIAL, LITERARY AND SCIENTIFIC MONTHLY.
Editor: Dr. CH. WORTSMANN.

»Еврейская Будущность«
Ежемѣсячный общественный литературный и научный журналъ.

אדמיניסטראציע:
M. EHRLICH, Krakau (Galizien)
Dietelsgasse 59.

רעדאקציע:
Др. Х. Вортсманъ, Варшава,
Новолипье 36/77.

פערטרעטער פיר גאנץ ענגלאנד:
R. MAZIN & Co. 65, Old montague str. LONDON N. E.

פערטרעטער פיר נעוו־יורק:
S. DRUCKERMAN, 50 Canal Str. NEW JORK

---



---

אבאנעמענטס־פרייז:
יעהרליך 6 שילינג; 7 מארק; 8 פראנק; 6 קראנען; 1.20 דאלאר; 2.50 רובל.
½ יאהר: 3 „ ; 3½ „ ; 4 „ ; 3 „ ; 0.60 סענט ; 1.25 „

אין אפריקא און אויסטראליע:
א יאהר: 8 שיל., ½ יאהר — 5 שיל., איין העפט: 1 שילינג.

פרייז פון איין העפט:
40 קאפ; 30 קרייצער; 6 פענס; 12 סענט; 75 סענטים; 60 פפעניג.